# דער יוד

# DER JUDE

## צייטשריפט פיר אלע יודישע אינטערעסען

ערשיינט יעדע וואך — פערלאג: חברת „אחיאסף“.

קראקוי, ניסן תרס״ב. — פיערטער יאהרגאנג. — Krakau, 17 April 1902.

Nr. 16-17


# פסח-נומר

## איינהאלט:

אין אמעריקא איז צו אבאָנירען דעם „יוד“ אין „די יודישע פאמיליע“ אויך אללע אויסגאבען אחיאסף׳ס
ביי: S. Kantorowitz New-Jork 4 Rutgerstr. 4

# געזעלשאפט „כרמל“ ווארשא

אבטהיילונג אין אדעססא.

## נאטירליכער וויין און קאניאק פון די יודישע קאלאניעס

וועלכע ווערען אויסגעארבייט אין די וויינקעלערען פון

## באראן ראטהשילד אין ארץ ישראל


Марка утв. правительствомъ,

אלע וויינען און קאָניאקען פון „כרמל“ (אויסער ווערמוטה) זענען כשר אויף פסח און עס איז אָבגעשיידט פון זיי תרומות און מעשרות כדין וכדת.

כדי צו בעוואָרענען כרמל-וויין און קאָנאקיען פון נאכגעפעלשטע, פערקויפען מיר אונזערע וויינען און קאָניאקען נור אין פלעשער פערזיגעלט מיט אונזערע סטעמפעל און פערקניפט מיט דע' פלאָמבע פון „כרמל“.


Золот. медаль Парижъ 1900.

| | |
|---|---|
| **Russie.** Varsovie: Société „Carmel“ rue Nalewki. Odessa: Société „Carmel“ Rue Richelieu. | **Egyp e.** Alexandria: Nessler. |
| **France.** Paris: „Vins de Palestine“ 68 Rue Bondy. | **Amerique.** New-York: Carmel Wine Co. 311 Fift. str. 357—359 Grand. str. |
| **Allemagne.** Berlin: Gsll. „Palaestina“ St. Wolfgangs Str. | **Danemark.** Copenhague Société „Karmel“ Adolph Steensallee 5. |
| **Autriche.** „Vienne: Gsll. Karmel“ Boerseplatz 6. | **Bulgarie.** Sofia, Société „Carmel“ Tscherweni Rak. |
| **Angleterre** London: Palestine Wine Co. 11 Bevis Marks. | **Palestine.** Jaffa, Sté des Vignerons rue Boustros. Jerusalem, Sté des Vignerons rue Jaffa. |


Этикетъ утв. правительствомъ.

511 אונזערע וויינען און קאָניאקען איז צו בעקומען אין אלע גרויסע וויינהאנדלונגען אין גאנץ רוסלאנד.

## פריילינען און דאמען

קענען זיך אויסלערנען גוט שניידען און נייהען אין א קירצע צייט דורך בריעף אין זשארגאן, רוסיש און דייטש. די מעטאדע איז די בעסטע און די גרינגסטע. אפילו 12 יאהריגע מיידכען קענען זיך גוט אויסלערנען. אויף תשובה א מארקע. גיט זוימט און פרעגט אין ביי

Г-жѣ Бертѣ Найдичъ,
507 Варшава.

## 509 אהוב את המלאכה

אלע סארטען שפיגעל - מאכען גרינדליך לערנט אויס דער 25 יעהריגער פראקטיקאנט אין די שפיגעלפאבריקאציאן

**Юдка Вейнблятъ**
Варшава, Слизская 22.

485 Рекомендуется
**комфортн. гостинница**
## „ВИКТОРІЯ“
ЯКОВА ФАЙНШТЕЙНА
**въ г. Кобринѣ** гродн. губ.
Номера совсѣми удобствами и по умѣреннымъ цѣнамъ.

## לבעלי בריתי לזכרון תמיד !!!

אדריסתי היא רק בת ג׳ מלים:
Я. Нейдичъ Варшава.
פראָספעקט ישולח חנם לכל דורש

## אלבום ארץ ישראל

אין גרויסען פאָרמאַט, מיט מעהר אלס 100 פערשיעדענע בילדער פון ארץ ישראל און די קאָלאָניעס, אויך אַ פאָלקאָמענע געאָגראפישע קארטע פון ארץ ישראל מיט א פאדראבנע ערקלערונג צו יעדעס בילד בעזונדער; געבונדען אין אַ פראכטבאַנד, אַ וואהרע ציערונג אין יעדעס יודישע הויז; דער פרייז פון איהם איז געווען ביז יעצט 3 רו״כ, יעצט האָבען מיר דעם פרייז בעדייטענד פערקלענערט: נור פיר 90 קאָפ׳, מיט פארטא 1 רו״כ.
520 אדרעססע:
Братья М. и И. Маскилейсонъ, Минскъ губ.

## איזראעליטישע רעאל אונד האנדעלסשולע נעבסט פענסיאנאט צו פפינגשטאדט ביי דארמשטאדט.

די שילער (פאן 8 ביז 15 יאהרען) ערהאַלטען גרינדליכע וויסענשאפטליכע אויסבילדונג אונד רעליגיעזע ערציהונג. בעסטע רעפערענצען ביי הערפאָרראגענדען מאַננערן דעם אין-אונד-אויסלאנדעס, זאוויע ביי פריהערען שילערן, די זיך אין אנגעזעהענען שטעללונגען בעפינדען.

505 נעהערעס דורך דירעקטאר ד״ר בארנאס.

## Вниманію поставщиковъ съѣстныхъ припасовъ для войскъ.

Попудная и повагонная продажа разныхъ малосольныхъ и копченныхъ рыбъ, какъ-то: судакъ малосольный и сухой, вобла, сопа, снитки, тарань, чиконъ и проч. высылаетъ наложеннымъ платежомъ
500 **А. Г. Сельцовскій** Варшава, Купеческая 11

IV. Jahrgang. **DER JUDE.** Nr. 17-16

# דער יוד

צייטשריפט

## פֿיר אלע יודישע אינטערעסען.

ערשיינט יעדע וואך.

פֿערלאג: חברת „אחיאסף".

אבאנאמענטס פרייז יאהרליך:
אסטרייך-אונגארן —.12 קראנען
האלביאהריג —.6 „
פֿירטעליאהריג —.3 „
דייטשלאנד —.10 מארק.
ארץ ישראל —.12 פֿראנק.
אנדערע לענדער —.15 „
אמעריקא. ענגלאנד —.10 שילינג

פרייז פון מודעות (אנצייגען):
פֿיר יעדער קליינע שורה פעטיט 20 העללער ,25 פֿפֿעניג, 10 קאפ.

די אדרעסע פֿיר עסטר.-אונגארן און אנדערע לענדער:
Administration Der Jude,
Krakau, Gertrudy 16.

דער פרייז פֿיר רוסלאנד:
גאנץ יאהרליך —.5 רובל.
האלב יאהרליך —.3 „
פֿירטעל יאהרליך 1.50 „

מען קען אויך אויסצאהלען אין 3 ראטען:
ביים אבאנירען — 2 רובל
דען 1טען אפּריל — „ „
דע 1טען אויגוסט — „ „

איינצעלנע נומערן 15 קאפ.— 30 העללער.

ענדערן די אדרעס קאסט 20 קאפ

די אדרעסע פֿיר רוסלאנד:
Издательство
„Ахіасафъ", Варшава.

Krakau, 17 April 1902. נומער 17-16 קראקויא, ניסן תרס"ב.

## מַחְשָׁבוֹת און רַעְיוֹנוֹת צו פסח.

אין לעבען פֿון די אומות זענען פֿארהאנען צייטען און מעשים, וועלכע מען קען פֿערשטעהן נור דאן, ווען מען פֿערשטעהט די נשמה און די גייסטינע כהות פֿון פֿאלק. חוץ דעם מוז מען וויסען, דאס א פֿאלק איז ווי א קינד, וועלכעס מען מוז ערציהען און בילדען. אלע ווייסען, אז כדי צו געבען א קינד א גוטע ערציהונג, מוז מען פֿערשטעהן זיין טבע, זיינע כחות, זיינע פֿעהיגקייטען, און ווער עס טהוט ניט אזוי, דער פֿערדערבט דאס קינד, איז גורם פֿאר זיך און פֿאר זיין קינד פֿיעל יסורים און צרות און ברענגט שאדען דעם כלל. יעדער שכל'דיגער מענש ווייס, אז ווען מען פֿערשטעהט, דאס קינד גוט צו ערציהען, ברייננט מען דערמיט נוטצען ניט נור זיך און זיין קינד, נאר דער גאנצער וועלט. ווארום א מענש געהערט ניט נור זיך אליין, ער געהערט צו דעם גאנצען כלל. ווער עס נעמט זיך דאס לעבען, דער טהוט אנ'עברה ניט נור געגען זיך אליין, נאר געגען די גאנצע מענשהייט און ווער עס נוטצט דעם כלל ניט, דער בעגעהט אן איהם א רויב.

דאסזעלבע, וואס מיר געפֿינען ביי'ם פרט, געפֿינען מיר אויך ביי'ם כלל. אויך א פֿאלק מוז טראכטען צוערשט זיך אליין ניטצליך צו זיין, ווייל דערמיט וועט עס שוין אויך ניטצליך זיין דער גאנצער מענשהייט. און אזוי ווי א קינד מוז האבען א גוטען חנוך, כדי עס זאל שפעטער ווערען א ארענטליכער מענש, אזוי מוז אויך א פֿאלק האבען א גוטען חנוך, אום זיך אליין און דער גאנצער וועלט צו נוטצען. די משכילים און די אינטעליגענץ זענען מחויב ווענען דעם צו זארגען, ווארום זיי קומען ארויס פֿון פֿאלק, און זייערע פֿעהיגקייטען זענען פֿון די כחות פֿון דער גאנצער אומה. זעהט מען, אז דאס פֿאלק איז אראב פֿון גלייכען וועג, מוז מען זיך סטארען, עס צוריק אויפֿ'ן וועג ארויפֿצופֿיהרען. דאס איז א מצוה וואס האט גאר קיין שעור ניט, און מען קען קיינמאל ניט זא־גען, איך האב שוין גענוג געטהון פֿאר מיין פֿאלק. מען איז קיינמאל ניט יוצא, ווען מען קען מעהר טהון און מען וויל ניט טהון.

אט זעהט, איהר האט א קינד. דאכט זיך עס האט א גוט קעפּיל און פֿיעל פֿעהיגקייטען, עס לערנט גוט אין חדר אדער אין דער שולע, געפֿעלט גאט און מענשען, און איהר האט פֿון דעם קינד גרויס תענוג. און מיט איינמאל הויבט אן דאס יונגיל ארומצוגעהן פֿון וועג, לערנט ניט מעהר אזוי גוט, איז ניט קיין מתמיד מעהר, און אין גאנצען געפֿעלט אייך ניט זיין הנהגה. איך ווייס שוין, וואס פֿיעל עלטערן זאגען דערצו: מען מוז דעם יונגיל מיט'ן שטעקען אנלערנען, ער איז פשוט פֿויל און וויל ניט לערנען. אפשר האט ער שלעכטע חברים אדער ער האט דעם חשק פֿערלאר'ען. נאר מיט'ן שטעקען וועט זיך דאס שוין אויסבעסערען. כ'לעבען דאס איז א שלעכטע עצה! א שכל'דיגער מענש אבער וועט דאס קינד גוט בעטראכטען, אפשר פֿעהלט איהם וואס, דאס לערנען איז ניט נאך זיינע כחות, זיין לעהרער פֿערשטעהט איהם ניט גוט מסביר צו זיין. אפשר וואלט דאס יונגיל אין א אנדער מין לערנען מעהר הצלחה געהאט, נאר איהר נויט איהם צו לערנען אזעלכע זאכען, צו וועלכע ער האט קיין פֿעהיגקייטען ניט. אזוי דענקט און טהוט א קלוגער מענש אדער א קלוגער ערציהער.

אין לעבען פֿון פֿאלק זעהען מיר אזעלכע מעשים גאנץ קלאר. אמאל איז דאס פֿאלק א עלוי, לערנט שפיעלענדיג, און אויך אין מדות איז עס זעהר גוט, א פֿערגנינגען צו קוקען. און א מאל איז ניט אלעס צום בעסטען. מען רעדט און מען רעדט צו איהם, מען שרייט, מען בייזערט זיך אויף איהם, עס העלפֿט אבער גאר ניט. דאכט זיך, ס'איז א אומזיסטיגע ארבייט, דאס פֿאלק איז פֿערלארען פֿאר אייביגע צייטען, א עברה די טרחה מיט איהם, יעדער גוטער מענש זאל טראכטען, זיך פֿון איהם צו דערווייטערען.

אבער, רבותי! האט איהר אייך אומגעקוקט, ווי דאס פֿאלק נעביך לעבט, ווי ס'געהט איהם אין דער פרנסה, ווי זיין געזונדהייט איז, ווי עס קען זיינע קינדער ערציהען, די קהלות אויסהאלטען, די רבנים בעצ־צאהלען, שולען האלטען, צדקה געבען. איך מיין, מען מוז דאך וויסען, ווי די כחות פֿון פֿאלק זענען. שוין אונזערע חכמים האבען געזאגט: אם אין קמח אין תורה. אז מען זיצט פֿערזארגט און פֿערהונגערט, קען מען ניט מעמיק זיין אין תורה. אזוי איז ביי'ם פרט, און אזוי איז אויך ביי'ם כלל. א ארים, גערריקט, פֿערשווארצט און פֿערפֿינסטערט פֿאלק, א פֿאלק אהן א פרנסה, אהן שוטץ, אהן געזונדהייט, קען ניט קומען

צו אַ העכערער מדרגה אין וויסענשאַפט און אין גוטע מדות. צו דעם אַלעם איז נויטהיג אַ זיכערערעס און רוהיגערעס לעבען.

ס'איז שוין פיעל יאָהרען אַוועק, — איבער דרייטויזענד, — זייט אונזער פאָלק האָט געלעבט אין מצרים אין קנעכטשאַפט און אין אונטערדריקונג. פון דעם גייסטיגען לעבען פון אונזער אומה האָט אונז די תורה דערצעהלט, אַז דאס פאָלק איז שוין געוועזען זעהר געפאַלען ביי זיך. אַז משה רבנו איז געקומען און האָט צו איהם גערעדט פון דער ישועה און דער גאולה, האָבען דאָס רוב יודען גאָר ניט פערשטאַנען, וואָס הייסט דאָס פאָר אַ ישועה, זיי זענען געוועזען אָבגעאַרבייט און אָבגעמוטשעט. זיי האָבען אפילו תמיד געהאָפט אויף אַ גאולה, וואָרום מען האָט זיי דערצעהלט, וואָס די אבות האָבען זיי אָנגעזאָגט: פּקֹד יִפְקֹוד אֱלֹהִים אֶתְכֶם, אָבער אין דעם אויגענבליק, ווען די דאָזיגע האָפנונגען און חלומות האָבען געהאַלטען צו ווערען אַ ממש, האָבען זיי קיין מוטה ניט געהאַט. זיי האָבען זיך נאָך געבייזערט אויף משה'ן און אהרנ'ן, וועלכע האָבען אָנגעהויבען צו פאָדערן די פרייהייט. זי האָבען מורא געהאַט, אַז דאָס קען זיי שאַדען, אַז זייער לאַגע וועט ניט פערבעסערט ווערען, נאָר פערקעהרט, גאָר ערגער ווערען. און אויך דער נביא יחזקאל דערצעהלט אונז, אַז די יודישע אומה איז געווען אין מצרים פערדאָרבען, מיט שלעכטע מדות, פעראונרייניגט, געפאַלען. אָבער די ישועה איז געקומען, און די גאולה פון דער קנעכטשאַפט האָט אויך געבראַכט די אמת'ע גאולה פון דער גייסטיגער קנעכטשאַפט. גלייך ווי די יודען זענען אַרויס פון מצרים, זענען זיי אויפ'ן גלייכען וועג געגאַנגען נאָך דעם מדבר, צום באַרג סיני, כדי די תורה מקבל צו זיין. און דאַ האָט דאָס יודישע פאָלק געזאָלט אָנהויבען צו זיין אַ ממלכת כהנים און אַ הייליגע אומה.

אין דעם זעהען מיר אַ גרויס שטיק פעדאַגאָגיק. וואָס האָט מען געזאָלט אָנהויבען מיט אַ פאָלק, וואָס האָט געלעבט אין קנעכטשאַפט, וואָס איז געווען אָבגעאַרבייט און אָבגעמוטשעט? אַזאַ פאָלק האָט ניט געקענט צו עפּיס קומען. צוערשט האָט מען געמוזט די קייטען אַראָבוואַרפען, די קנעכטשאַפט פערלאָזען, און דאַן ערשט ווערען אַ גרויסע אומה. אין מצרים איז דאָס ניט מעגליך געוועזען, דאָס איז נור מעגליך געוואָרען אין דעם פרייען מדבר!

אַמאָל איז אָבער דאָך די זאַך גראָד פערקעהרט. קנאַפּע נייןהונדערט יאָהר (פון כבוש ארץ ישראל ביזן חורבן בית ראשון) האבען אונזערע עלטערן געוואָהנט אין ארץ ישראל, און תמיד האָבען זיי זיך אַריינגעלאָזט אין די עבודה זרה און ניט געוואָלט פאָלגען די תורה. קנאַפּ האָבען די נביאים גערעדט, מוסר געזאָגט, געשטראָפט, זיך געבייזערט אויף דאָס פאָלק און אויף די מנהיגים, זיי זאָלען אַוועקוואַרפען די עבודה זרה און די שלעכטע מנהגים, וואָס זיי האָבען זיך אָבגעלערנט פון די אומות. אָבער דאָס אַלעס האָט ניט גענוטצט. עס איז אַוועק אַ צייט, און עס איז געקומען איבער דאָס יודישע פאָלק דאָס גרויסע אומגליק, וואָס די נביאים האָבען זיי פיעל יאָהרען פאָראויס געזאָגט. איין טהייל פון יודישען פאָלק איז פערוואָגעלט געוואָרען קיין אַרמעניען. און איין אַנדער טהייל איז שפּעטער פערטריבען געוואָרען קיין בבל. קנאַפּע זיעבציג יאָהר זענען די יודען אין בבל געוועזען, און אַז זיי זענען צוריקגעקומען קיין ארץ ישראל, זעהען מיר, דאָס אין די פאָר יאָהר (וואָרום וואָס זענען אַ יאָהר זעכציג, זיעבציג אין לעבען פון אַ אומה?) האָט דאָס פאָלק אַוועקגעוואָרפען זיינע חסרונות און זיינע שלעכטע מדות, האט זיך אָבגעזאָגט פון דער עבודה זרה און פון די געטצענדינערישע מנהגים און האָט זיך מיט גרויס חשק גענומען צו דער תורה. וואָס מען האָט ניט געקאָנט דערלאַנגען אין נייןהונדערט יאָהר, האָט מען דערגרייכט שפּעטער אין אַ קורצע צייט. אין פאָלק זענען דערוועקט געוואָרען זיינע פעהיגקייטען און ערשט אין זמן בית שני זענען די יודען באמת אַ פאָלק געוואָרען.

# פעליעטאָן.

## פונ'ם פריזיוו.

(מאָנאָלאָג)

פון

## שלום־עליכם.

(ענדע).

אצינד מוז איך מיך אומקעהרען נאָך אַמאָל צוריק צו דער צייט ווען איך בין נאָך געזעסען ניט היינט געדאַכט אין וואָראָטיליווקע, בין איך נאָך, און מיין איציק, אַלטער הייסט דאָס, איז נאָך געווען אַ קליין קינד, איז ער נאָך. ויהי היום טרעפט זיך אַ מעשה, עפּיס אַ רעוויזיע אין שטאָדט, מע איז אַרומגעגאַנגען פון שטוב צו שטוב, איז מען אַרומגעגאַנגען, און מע האָט איבערגעשריבען איטליכען בעזונדער פון קליין ביז גרויס, ווי אַזוי ער הייסט און וויפיעל ער איז אַלט, און וויפיעל קינדער האָט ער, צי זכרים, צי נקבות, און ווי אַזוי רופט מען זיי?... אַז ס'איז געקומען צו מיין איציקען: ווי אַזוי רופט מען איהם? זאָגט מיין ווייב זאָל געזונד זיין: אַלטער. איז זיך מישב יענער, מע זאָגט איהם אַלטער, געהט ער און פערשרייבט אַלטער. וויפיעל איז ער אַלט אייער אַלטער? דאַ האָב איך מיך שוין אביסעלע פערטראַכט, ווי אַזוי זאָל איך איהם שטעלען אין די יאָהרען? זאָל איך איהם שטעלען עלטער מיט אַ יאָהר? — וועט ער צו פריה בעדאַרפען שטעלען זיך צום פריזיוו, וואָס טויג עס מיר? זאָל איך איהם פערשרייבען יונגער מיט אַ יאָהר? — קאָן דאָס זיין אַ שעטנז צו דער חתונה, טאָמער וויל איך איהם חתונה מאכען צו אַכצעהן יאָהר, וועט ער דעמאָלט זיין אַלט נור זיבעצעהן, וואָס טהוט מען וואָס? בקצור איך האָב איהם געשטעלט יונגער מיט אַ יאָהר, און ערשט נאָכדעם, אַז דער פערשרייבער איז אַוועק געגאַנגען, פרעגט מיך מיין ווייב זאָל געזונד זיין, וואָס איז דער שכל וואָס איך האָב איהם געשטעלט יונגער מיט אַ יאָהר? דערצעהל איך איהר דעם גאַנצען אֶמת, אַז ס'איז מיר געווען שלעכט סאַי אַזוי סאַי אַזוי: זאָל איך איהם שטעלען עלטער מיט אַ יאָהר? — וועט ער צו פריה בעדאַרפען שטעהן צום פריזיוו, וואָס טויג עס מיר? זאָל איך איהם שטעלען יונגער מיט אַ יאָהר? — קאָן דאָס זיין אַ שעטנז צו דער חתונה...

— האָסט דו דאָך געקאָנט — זאָגט זי — לעקיש איינער, איהם שטעלען די אמת'ע יאָהרען!

— אַי, זאָג איך, ביזט טאַקי גערעכט, מיין ווייב, לאָם איך אַזוי זיי געזונד מיט דיר אין איינעם ווי דו ביזט גערעכט! ס'איז מיר נאָר אַרויסגעפלויגען פונ'ם קאָפּ, איז דאָס מיר!...

בקצור פערפאַלען!... אודאי קומט מיר אָן פונקט אין אַ יאָהר אַרום נאָכ'ן פריזיוו אַ נייע בשורה: מע זוכט מיין זוהן אַלטערען, ער זאָל זיך שטעלען מחילה צום פריזיוו אין וואָראָטיליווקע! — וואָס האָט זיך מיר געחלומ'ט יענע נאַכט און היינטיגע נאַכט און אַ גאַנץ יאָהר! נאַ דיר אַזאַ נייס! ברוך הבא אַ יוד רב אַלטער!

קצור הדבר, וואָס טויג אייך היסטאָריעס — זאַכען מעשיות — אינטערעסען? — מע רופט מיין איציקען, אַלטערען הייסט דאָס, נאָך אַמאָל צום פריזיוו נאָר איבער אַ נייס! מיין ווייב זאָל געזונד זיין ליינט איין די וועלט, די שנור חלש'ט: סטייטש, וואו איז דאָס געהערט געוואָרען, מע זאָל אויספאָהרען די גאַנצע וועלט פון איין עק ביז'ן אַנדערען עק, אַז אַ בן־יחיד איין און איינציגער, אַ ריינער, איין אמת'ער, אַ כשר'ער פערוויזאָדניק זאָל

ס'איז דערמיט קלאר בעוויזען, דאס יעדע זאך האט איהר צייט, און מען מוז תמיד אויפפאסען, די צייט ריכטיג צו בענוטצען. דאס יודישע פאלק האט זיך נאכ'ן חורבן בית שני פיעל, פיעל יאהרען געהאלטען ווי א אומה, אבער מען קען ניט לייקנען, דאס עס האט אין דעם שווערען גלות זעהר פיעל פון זיין טאלאנט און זיינע פעהיגקייטען פערלארען. אין די לעצטע דורות איז דאס יודישע פאלק זעהר ארים געווארען, ארים אין כחות, אין פרנסה, אין בילדונג, אין געפיהל. ס'האט פערלארען צוערשט ביי אנדערע און שפעטער אויך ביי זיך יעדען כבוד, און איז אראב פון דער הויכער מדרגה, אויף וועלכער עס איז אמאל געשטאנען. א אנדער פאלק וואלט אודאי אין אזא צושטאנד צו גרונד נעגאנגען, עס וואלט פערלארען זיינע גייסטיגע כחית, זיין מוסר און זיינע אידעאלען, אבער אונזער פאלק האט זיך געטראגען מיט האפנונגען אויף בעסערע צייטען, אויף א ישועה און א גאולה, ס'האט נעהאט די תורה און די הייליגע ספרים, און מיט די דאזיגע כחות האט זיך דאס יודישע פאלק אין די שלעכטע צייטען דערהאלטען. אמת, זיין רוקען איז קרום געווארען פון דער שווערער משא וואס ס'האט געטראגען, דאס פנים איז פון זארג און צרות פערפינסטערט און פערשווארצט געווארען, אבער זיינע אייגען האבען פארט געלייכט ווי די העלע שטערן; און קלוגע און גוטע מענשען האבען דערקענט, דאס אין דעם שוואכען קערפער איז פאראן א געזונדע נשמה, דער יוד זעהט שלעכט אויס, אבער ער קען געזונד ווערען, און אלס געזונדער זיך און אויך אנדערע נוטצען.

מיר ווייסען, דאס דער חלום פון פערברידערונג, וואס האט זיך אנגעהויבען מיט הונדערט יאהר צוריק, האט ניט לאנג געדויערט, מיר זעהען, אז די שנאה צו יודען האט זיך אנגעהויבען פון דאס ניי. אבער ס'איז דאך א טעות, ווען מען מיינט, אז מיר האבען גאר ניט געוואונען אין דער גאנצער צייט. ניין! מיר האבען זעהר פיעל געלערנט, מיר האבען אונזער רוקען אביסיל אויסגעגלייכט, אונזער פנים זעהט ניט מעהר אויס אזוי פערפינסטערט. מיר האבען אנגעהויבען צו פערשטעהן אז מיר זענען א פאלק און אז מיר האבען רעכט מענשען צו זיין. אודאי איז אונז אויך אצונד שלעכט, אבער ס'איז דאך א גרויסער חלוק צווישען היינט און דעמאלט. היינט קענען מיר אונז מיט רעכט פערטהיידיגען, מיר קענען אונזער פאלק ארגאניזירען, און מיר זענען ניט יוצא מיט גוזר־תענית זיין אויף אונזערע צרות, נאר מיר טראכטען אונזער לאגע צו פערבעסערען. אונזער פאלק האט דאך אצונד א אנדער פנים, מען מעג אונז רודפ'ן און האסען, אבער מבזה זיין און פעראכטען קען מען אונז ניט.

מיט די כחות, וואס מיר האבען געוואונען אין די לעצטע הונדערט יאהר, קענען מיר קעמפפען פאר דעם קיום פון אונזער אומה. מיר מוזען אבער פערשטעהן, אז ניט אלע צייטען זענען גלייך. מיר, די ציוניסטען, אדער די נאציאנאל־יודען, ווי מיר רופען זיך, זענען די מענשען וואס געהען מיט דער צייט, בעת אונזערע געגנער זענען צוריק געבליבען מיט א יאהר פינף־און־צוואנציג. זיי חלומ'ן די אלטע חלומות פון דעם פריהערדיגען דור: "גלייכהייט, ברידערליכקייט און פרייהייט", בעת פון אלע זייטען שרייט מען פון שנאה און נקמה. איך מיין ניט, מיר זאלען אויך מיטשרייען, ניין, מיר זאלען נור פון דער צייט לערנען. נייע צייטען, נייע ליעדער; א נייער שטיינער און א נייער דרך. מיר זאגען ניט, אז די צייט פון השכלה און די מלחמה פאר די רעכטע האט אונז גאר ניט גענוטצט, אדרבא, מיר זענען מודה, אז אהן אזא צייט, וואלטען מיר קיין מאל ניט געקומען צו אונזער נאציאנאלען געדאנק. אבער דאס מוזען מיר תמיד זאגען און איבערחזר'ען: יענע צייט האט זיך אויסגעלאזט, אצינד איז א אנדערע צייט געקומען. הַחֵרְשִׁים שְׁמָעוּ וְהַעִוְרִים

---

בעדארפען שטעהן דריי מאל צום פריזיוו! נאר געה, רעד טערקיש, רעד טאטערש, וואס טהוט מען וואס? בין איך אוועק נעלאפען צו אונזער אבטשעסטווע", געמאכט א גוואלד, קיים געפועלט צעהען יורען זאלען אב־שוועהרען און חתמנ'ען מיר, אז זיי ווייסען פאזיטיוו, אז איציק איז אברהם יצחק, און אברהם יצחק איז אלטער, און אז אלטער און איציק און אברהם יצחק זיינען אלע איין מענש.

בעקומען דאס פאפיר בין איך אוועק מיט'ן פאפיר קיין וואראטי־ליווקע. געקומען קיין וואראטיליווקע, — א גאסט! וואס מאכט א יוד רב יאסי? וואס טהוט איהר היע? — נאר נישט, זאג איך, איך בעדארף דא צו א פריץ... מכה וואס?... מכה פראסע, זאג איך, איך האב געהאנדעלט, זאג איך, פראסע האב איך געהאנדעלט, געגעבען איין אדעראף, ניטא ניט, קיין פראסע ניט קיין אדעראף, פערפאלען, זאג איך, די קוה מיט'ן שטריקיל! און לאז מיך אין דער פריסוטסטוויע. איך קום אין דער פריסוטסטוויע קום איך, טרעף איך דארט א שרייבער פון די שרייבער'ס און דערלאנג איהם דאס פאפיר. איבערנעלייענט דאס פאפיר ווערט ער מלא רציחה, דער שרייבער הייסט דאס, און טהוט מיר א שמיץ דאס פאפיר אין פנים אריין מיט א מין פייער, מע זאל בעהיט און בעווארענט ווערען.

— נעהן זאלט איהר, זאגט ער, צו אלדע רוחות מיט אייערע נעמען און מיט אלע אייערע יודישע מאניפארגעס! איהר ווילט זיך אויסדרעהען פונ'ם פריזיוו, יודעליך מאשעניקעס, ווערט ביי אייך פון אברהם יצחק און פון יצחק איציק און פון איציק אלטער. ניין, ביי אונז נעהט נישט אן אזעלכע שטיקליך, שאכער מאכער!...

"נו, קלעהר איך מיר ווי באלד "שאכער מאכער" מיינט ער מסתמא א קערביל"... און איך נעם ארויס א מטבע און וויל איהם אריינרוקען אין האנד אריין, 'אז ער האפט זיך ניט אויף מיט א געשריי: "ווזיאטקי!?"... עס זענען זיך צענויפגעלאפען נאך שרייבער'ס און מע האט מיר געגעבען דעם וועג האט מען מיר... אזא־נ—אומגליק — בעדארף איך אנטרעפען, גראד אויף א "נקי־כפים'ניק!... מאלט אייך איך האב נעפונען אזעלכען וואס האט יא גענומען, און גוט גענומען, עס האט אבער נעהאלפען ווי א טוידטען באנקעס — ס'איז געבליבען אז איך האב נאך א זוהן וואס ער הייסט אלטער, זאל ער מוחל זיין, אלטער הייסט דאס, ויך שטעלען אין וואראטיליווקע צום פריזיוו, זאל ער ויך.

ווי אזוי איך האב איבערגעלעבט דאס יאהר בין איך שטארקער פון אייזען, בין איך! חאטש אז מע וויל שמועסען צוריק, וואס האב איך, שוטה מורא צו האבען? צעהען מאל פריזיוו, אז איך ווייס, אז ער טויג ניט דער הונט, ובפרט אז מע האט איהם שוין צוויי מאל ארויסגעבראקעוועט, האט מען איהם. נאר צוריק בין איך זיך מישב, א פרעמדע שטאדט, א פריסוט־סטוויע מיט "נקי־כפים'ניקעס", א קשיא אויף א מעשה...

האבען מיר דאך אבער א גרויסען גאט אויף דער וועלט, מיין אלטער, איציק הייסט דאס, האט — ווידער אמאל נעצויגען א וושערעב, ווידער אמאל ויך געשטעלט צום פריאס, און נאט האט א נס געטהון די וואראטיליווקער פריסוטסטוויע האט אויך געזאגט "גע גאדיען" און האט איהם אויך ארויסגעגעבען א ווייסען בילעט. האבען מיר שוין מיט גאטס הילף צוויי ווייסע בילעטען!

נאר אונזערע יודעליך... געקומען אהיים, נישט אויסגערוהט זיך אפילו ווי עס געהער צו זיין — אהא, א נייער אומגליק! עס האט זיך געפונען א שייגעץ אין וואראטיליווקע דוקא, און איז זיך מישב און מסרט מ'ך אין דער גובערניע אריין, און לאז זיך אייך דאכטען אז מע רופט איהם אלטערען, איציקען הייסט דאס, ווידער אמאל אין דער גובערסקי פריסוט־סטוויע שוין אין איין אנדער גובערניע שוין, ווידער "נא וואספיטאניע"!... א גוואלד, א יאמער, א קלאג, מיין ווייב זאל געזונד זיין וויינט, די שנור

הכּיטו לראות! איהר וואָס איהר מאַכט זיך פֿאַר טויב הערט, און איהר, וואָס האלט די אויגען צוגעמאַכט זעהט, אַז די וועלט האָט זיך גענענדערט, און מען קען ניט תמיד זאָגען דעם אַלטען אַמאָליגען פּזמון.

די יודען וואָס האָבען זיך אַבגעזאָגט פֿון אַלע האָפֿנונגען אויף אונזער נאַציאָנאַלען קיום, מיינען, אַז מיר האָבען ניט מעהר אויף וואָס צו וואַרטען. מיר האָבען ביז איצט געמיינט, אַז מיר דאַרפֿען פערברייטען אונטער די אומות תורה און מוסר, און אַצינד וויל קיין מענש פֿון אונז זיך ניט לערנען. פֿון דעם ווילען זיי בעווייזען, אַז אונזער פֿאָלק האָט גאָר ניט מעהר וואָס צו טהון אויף דער וועלט. דאָס איז אָבער פֿאַלש. מיר האָבען אין איין זאַך קיין הצלחה ניט געהאַט, ווייל זי פּאַסט ניט צו אונזער טבע, צו אונזערע פֿעהיגקייטען. מיר האָבען אונז איינגערעדט אַ טעות, אַז מיר האָבען נישט ווייטער צו טהון, ווי צו פֿערברייטען אונטער די פֿעלקער אחדות הבורא און מוסר און זענען זיך אַצינד מתיאש, ווייל די פֿעלקער ווילען ביי אונז ניט לערנען. זעהען מיר אָבער, אַז דאָס איז געוועזען אַ טעות, מוזען מיר דעם דאָזיגען טעות אַוועקוואַרפֿען. אונזער צוועק איז אין דער אמת, אַלס פֿאָלק צו לעבען, אונז אַליין צו נוטצען, און ממילא וועלען מיר דערמיט אויך דער גאַנצער מענשהייט נוטצען. אַוועק מיט די נאַרישע חלומות, וואָס זענען קיינמאָל ניט אמת געוועזען; מען האָט זיי אונז נור איינגערעדט, כדי אונז אָבצונאַרען. יעדער מענש און יעדע אומה לעבט פֿאַר זיך, און ווען ער לעבט פֿאַר זיך נוטצט ער אויך דעם כלל. אַזוי איז אויך מיט אונזער פֿאָלק.

דערום זאָלען מיר יודען לייענען אונזערע געשיכטע מיט אָפֿענע אויגען און מיט שכל. פֿון דער מעשה פֿון יציאת מצרים איז אונז אַ ראיה, אַז די יודישע אומה האָט ניט געקענט קומען צו איהר הויכער מדרגה, כל זמן זי האָט געלעבט אין קנעכטשאַפֿט. און פֿון דעמאָלט אָן ביז אויף דעם היינטיגען טאָג זעהען מיר קלאָר, אַז איין שקלאַפֿיש פֿאָלק קען ניט זיך און קען ניט קיין אַנדערע נוטצען. מיר האָבען זיך ביז איצט איינגערעדט, אַז מיר זענען די לעהרער פֿון די פֿעלקער, און זיי שרייען, מיר זענען זיי דערעסען — אַקוראַט ווי אין מצרים. אונזערע עלטערן האָבען דאָרט שווער געאַרבייט, און די מצריים האָבען תמיד געשריען, די יודען בעלעסטיגען זיי. איך ווייס, אַז ס'איז פֿאַראַן פֿיעל צווישען אונז, וואָס בעטען און שרייען: זייט שטיל, רעדט ניט פֿון תחית האומה, וואָרום איהר וועט אונז שאַדען, אַזוי האָבען אויך אונזערע אָבגעמוטשעטע עלטערן אין מצרים גערעדט. מיר אָבער ענפֿערן: דער גרעסטער שאָדען איז דער טוידט. איהר מיינט, מיר קענען דעם אָטהעם פערהאַלטען, כדי שונאים זאָלען אונז פֿאַר טוידט האַלטען, און זיך פֿון אונז אָבטשעפען, אָבער איהר וועט אַזוי לאַנג דעם אָטהעם איינהאַלטען, ביז ער וועט אויסגעהן. ניין! מיר ווילען לעבען און לעבען.

ד"ר שמעון בערנפֿעלד.

---

## מֹשֶׁה אין דֶעם מִדְבָּר.

וַיְדַבֵּר מֹשֶׁה כֵּן אֶל בְּנֵי יִשְׂרָאֵל. (שמות ו' ט').

... ער האָט מיך געוועקט אַלץ ביי טאָג און ביי נאַכט; —
באַלד האָט ווילד זיין קול ווי אַ דונער געקראַכט,
געהילכט האָט דער מדבר אַרום און אַרום,
געציטערט די פֿעלזען פֿערפֿינסטערט און שטום;
עס האָט מיך געשווינדערט דורך מאַרך און געביין
צו הערען, ווי עס געהט דורך דעם זאַמד־ים אַליין,
איך ווייס ניט פֿון וואַנען, אָהן שום אַ געשטאַלט,
די שטימע, די ווילדע, מיט מאַכט און געוואַלט:
„עס יאָמערט מיין פֿאָלק פֿון דער קנעכטשאַפֿט צו מיר,
ערדריקט האָט דער אייזערנער יאָך זיי שוין שיער,

---

חלשט; אַזאַ רציחה, פֿיער מאָל צום פּריזיוו, און ווער? אַ בן־יחיד, איין און איינציגער, אַ ריינער, איין אמת'ער, אַ כשר'ער פּערוויזאָרניק! מע קאָן דאָך שונאי ציון דעם שלאַג בעקומען פֿון אַזאַ מעשה!

קצור הדבר, וואָס טויג אייך היסטאָריעס — זאַכען — מעשות — אינטערעסען? מע הייסט פֿאָהרען בעדאַרף מען פֿאָהרען. „איך וועל דיר זאָגען דעם אמת — מאַכט צו מיר אַלטער, איציק הייסט דאָס — איך וואָלט שוין בעסער געגאַנגען דיענען איידער נאָך אַמאָל זיך אויסטהון און מעסטען זיך און ווידער אַמאָל אויסטהון; זיך און מעסטען זיך און אָבער אַמאָל אויסטהון זיך און מעסטען זיך. — און וואָס איז דען דער אומגליק, זאָגט ער, אַז מע דיענט טאַקי עטליכע יאָהר? אָט דיענען דאָך יודישע קינדער; זיי ווּעלען, זאָגט ער, אָבדיענען זייערס, זיך אויסדיענען און קומען אַהיים"... איהר הערט דבּורים? דאָס וויל ער מיר אויסרעדען דאָס האַרץ, וויל ער מיר, טאָמער הייסט דאָס קריכט ער חלילה אוועק... איך ווייס דאָך אָבער ביי זיך אין האַרצען אַז ס'איז בלאָטע, ער טויג נישט דער הונט, ער וואַקסט קיין עין־הרע אין דער לייננג וואַכסט ער, ווי איין אַטשערעט, דריי מאָל אַרויסגעבראַקעוועט, וועמען הער איך, וועמען?... נאַר צוריק בין איך זיך מישב: איך ווייס? אַ נייע גובערניע, אַ קשיא אויף אַ מעשה, מע שפּיעלט זיך מיט פֿייער שפּיעלט מען זיך, טאָמער חאַפּט זיך אַרויס דער דאָקטאָר חס ושלום מיט אַ וואָרט און זאָגט „גאָדיען", זאָגט ער?...

האָבען מיר דאָך אָבער אַ גרויסען גאָט אויף דער וועלט, ער איז נור אַריינגעקומען, מיין אַלטער, איציק הייסט דאָס, אין דער ניבערסקי פּריסוטסטוויע אַריין אַ נאַקעטער, אַזוי האָט מען איהם באַלד אַרויסגעלאָזט, כמעט דורכגעטריבען... ברוך שפּטרני! האָב איך געזאָגט און האָב אַוועקגעקלאָפּט אַהיים אַ דעפּעש: „מזל טוב, טאָוואַר אָקאַנטשאַטעלנאַ זאַבראַקאָוואַן".

געקומען אַהיים — ששון ושמחה! געמאַכט אַ סעודה, צונויפֿגערופֿען כמעט די גאַנצע שטאָדט, געהוליעט געטאַנצט ביז טאָג, וועמען הער איך אַצינד? און ווער איז צו מיר גלייך? אַ קיסר!

איין זאַך וואָלט איך גיר אַ בעלן געוועזען וויסען, פֿאַר וואָס האָב איך אַזוי פֿיעל שונאים פֿאַר וואָס? וועמען אַ שטיינער האָב איך שלעכטס געטהון אין וואָראָטילוּוקע, וועמען? צי וועמען האָב איך נוגע בכבוד געווען, וועמען? צי וועמען האָב איך אָנגערירט מיט אַ וואָרט, וועמען? נו, זאָל זיך עס ניט איבערקעהרען מיט'ן קאָפּ אַראָב און מיט די פֿיס אַרויף אַזוי ווי סדום? זאָל נישט קומען אויף איהר אַ מיתה משונה, אַ שרפֿה, אַ מגפֿה, אַ חלי רע, פֿערברענט זאָל זי ווערען?...

— וועמען שעלסט דו דאָס אַזוי? — מאַכט צו מיר מיין ווייב זאָל געזונד זיין.

— וואָס הייסט וועמען? — זאָג איך — אַ שטאָדט פֿון הולטייעס, ממזרים, מוסרים, פֿערגנסט דו מיך וועמען?—

שאַ, שריי ניט אַזוי — מאַכט זי צו מיר — למאי זאָלסט דו פֿערשעלטען אַ גאַנצע שטאָדט מיט מענשען? געמסרט האָט דאָך איינער, פֿאַר וואָס קומט די איבעריגע נעבאַך?

געפֿעלט אייך איין ענטפֿער פֿון אַ יודינע? אַ צנועה! שייך זאָגען אַ צנועה? אַ צדקית איינע אין דער וועלט! איהר האָט דען געזעהען נאָך אַזאַ גוטע זעל אין דער וועלט, האָט איהר דען? איהר רחמנות האָבען אויף אַ מענשען, איהר צדקה טהיילען, טאָג ווי נאַכט שו—שו, שו—שו מיט אַלע גבאי'טעס. אַז מע שמועסט אַ צדקית, שמועסט מען!... נאַר נישט דאָס האָב איך אייך אין זינען געהאַט דערצעהלען, איך האָב אייך געוואָלט דערצעהלען פֿון מיין זוהנ'ס פּריזיוו, האָב איך אייך געוואָלט דערצעהליז. וואו זשע האַלט איך הייסט דאָס? האָב איך שוין גע'פּטר'ט דעם

גע זיי מיין שליח, גע מאך זיי מיר פריי, —
גע ברענג זיי די בשורה: אויס שקלאפעריי!"
ענטפלאמט האט זיין דונערנד ווארט מיר דאס בלוט,
געקאכט האט אין יעדווידער אדער מיר גלוט,
עס האט מיך א שטורם געפאקט אזוי ווילד, —
איך ווייס אליין אויך ניט, וואס כ'האב דאן געפיהלט...
עס האט זיך קאפויער דאס האהר מיר געשטעלט —
אין שטיקער צערטרימערט וואלט איך דאן א וועלט!
געוואלטיג האב איך דאן געהויבען די הענד
צום הימעל, וואס האט ווי גלוטפייער געברענט,
און שטום האט דער מדבר געהערט זיין געשריי:
„איך וויל זיי בעפרייען, קום פיהר מיך צו זיי!" — — —
באלד האט ער געשעפטשעט צו מיר אזוי שטיל;
עס האט דאן געוועבט און געשוועבט אזוי קיהל
פול אייביגע סודות, פול צויבער און פראכט,
מיט שווייגזאמע, שטילע מדבריות'ע נאכט...
ס'איז טיעף דאן דער הימעל געוועזן ווי דער תהום
פערזונקען אין רעטזעלהאפט־העלבלויען טרוים
מיט גאלדענע שטערען מיליאנען בעזייט, —
א ווינטיל מיט בשמים געווירצט האט געוויית,
עס האבען ערהויבען אין לופט זיך מיט מאכט
די פעלזען אין דונקעלע חלומות פערטראכט...
און איינזאם און שטיל איז געוועזן אין דער ווייט,
נור שטום האט די פליגלען געשוואונגען די צייט
און וואונדערבאר היימליך, קוים הערבאר, פערטרויט
דעם מדבר איהר שווייגזאמען אייביגען סוד...
און טיעף איז געווארען צום סוף מיין געפיהל — —
דאן הער איך ווי ס'שעפטשעט צו מיר אזוי שטיל
א קול אזוי ווייך, אזוי זיס ווי דער קלאנג
פון מוטערס א ליעבליכען וויעגענגעזאנג,
און שמערצליך און טרויריג אהן ענד ווי א ליעד
פון שמאכטענדער ליעבע און בייגקען דורכגליהט,
און דאך אזוי שטארק, אזוי שטארק ווי דער טויט,
וואס קען ניט קיין רחמים, נור אייזערנע נויט...
„עס יאמערט מיין פאלק פון דער קנעכטשאפט צו מיר,
ערדריקט האט דער שרעקליכער יאך זיי שוין שיער,
גע זיי מיין שליח, גע מאך זיי מיר פריי
גע ברענג זיי די בשורה: אויס שקלאפעריי!"
און יעדעס ווארט דריקט אזוי טיעף אין מיין הערץ
און וועקט דארט א ברענענדען, גליהענדען שמערץ,
א שמערץ אהן א ענד ווי דער מדבר אליין;
און שווינדערנד שטעה איך, מיר דאכט זיך, איך וויין...
געפיהלט האב איך דאן נור, ווי ס'רייסט מיר די ברוסט
א שוידערליך שרעקליך געוואלטיגע לוסט,
צו ליידען צוזאמען צו שלעפען מיט אייך,
א, עלענדע ברידער, די קייטען צוגלייך,
די וואונדען אייך קושען און לעקען דאס בלוט
און ווערען געפייטשט מיט דערזעלביגער רוט —
און ווילד האט אין מדבר געקלונגען מיין שריי:
איך וויל זיי בעפרייען, קום פיהר מיך צו זיי!...

בערן, **י. ל. ברוכאוויטש.**

---

## פסח'דיגע געדאנקען.

עס אז ווידער יום־טוב ביי יודען. און וואס פאר א גרייליכדיגער יום־טוב! פסח, דער גרויסער, ליכטיגער גאט מיט דעם מאנטעל פון פאעזיע, איז ווידער געקומען אין די יודישען געמיינדען.

מען האט פערשמירט דעם דלות, פערשטאפט די לעכער, אבגעוואשען א ביסיל דעם שמוטץ און צוגעדעקט די בלוטיגע וואונדען פון הארצען. מען פערגינט זיך א ביסיל אויפצועטמען פרייער.

---

פריזיוו ברוך השם דאס פערטע מאל און מיין זוהן האט שוין קיין עין־הרע צוויי ווייסע בילעטען, האט ער שוין. אצינד וועלען מיר זיך אומקעהרען צוריק צו מיין אייזיקען עליו השלום, דער וואס האט, איהם צו לייטנערע יאהר, איבערגעקערט אויף זיך דעם סאמאוואר נאך קינד־ווייז, וועט איהר הערען א שענם, וועט איהר הערען. איהר פערשטעהט א מעשה? איך זאל זיין א נביא, זאל איך זיין, אז דער שענער רב דער קאזיאנער פון ווארא־טיליווקע וועט איהם פערגעסען אויסמעקען פון די מעטריקעס, דעם געשטארבענעם הייסט דאס, און עס וועט זיך רעכענען אויף מיר א חוב, אז איך האב נאך ערגיץ א זוהן אייזיק, וואס בעדארף זיך שטעלען היינטיגס יאהר צום פריזיוו! נא דיר אזא מין באמבע! וואס פאר איין אומגליק אויף מיר! ווער מיר אייזיק? אייזיק איז שוין לאנג אויף דער אמת'ער וועלט! איך האלט זיך איין עצה מיט אונזער ראבינער וואס טהוט מען, וואס? זאגט ער: ס'איז נישט גוט! פאר וואס, זאג איך, איז נישט גוט, פאר וואס? דערפאר זאגט ער, ווייל איציק און אייזיק איז איין נאמען. ווי אזוי, זאג איך, איז איציק און אייזיק איין נאמען, חכם איינער? זאגט ער: איציק איז יצחק, יצהק איז איסאק, איסאק איז איזאק און איזאק איז אייזיק. א גוטער משל. זאג איך, עס קומט אויס אז א קאזיאנער ראבינער, זאג איך, איז א דרייגארענדיגער נארר: א ראבבינאר, א קאזיאנאר און גלאט א נארר... איהר זענט, מאכט ער צו מיר, א גרויסער עזות פנים און זענט געוואהנט געווארען זידלען זיך...

קצור הדבר, וואס טויג אייך היסטאריעס—זאכען—מעשיות—אינטערעסען? מע זוכט מיין אייזיקען, מע טרענט פון מיר די ערדען איך זאל איהם שטעלען צום פריזיוו, זאל איך איהם! אין שטוב ביי מיר איז געווארען א נייער געוויין. שייך זאגען א געוויין? חורבן בית־המקדש. ערשטענס האט מיין ווייב זאל לעבען זיך דערמאנט אינ'ם געשטארבענעם, אויפגעוועקט די אלטע וואונדען: „נעחיי" וואלט ער, זאגט זי, בעסער לעבען און שטעהן איצטער צום פריזיוו, איידער זאגט זי, ליגען אין דער ערד". והשנית האט זי מורא, טאמער חלילה איז טאקי ווי דער ראבינער זאגט, אז איציק איז יצחק, יצחק איז איסאק, איסאק איז איזאק און איזאק איז אייזיק, קאן דאך זעהר שען געמאלט זיין, מע זאל איהם ווידער אמאל שלעפען, איציקען, דאס הייסט אלטערען הייסט דאס, אזוי זאגט זי, מיין ווייב זאל געזונד זיין, און אז זי זאגט ווייס זי וואס זי זאגט, און לייגט איין די וועלט, און מיין שנור געוויינטליך חלש'ט: א ווערטעלי אויסצורעדען א בן־יחיד, איין און איינציגער. א ריינער, איין אמת'ער, א כשר'ער פערוויוראדניק, פיער מאל געשטעלט זיך צום פריזיוו, צוויי ווייסע בילעטען, און איז נאך נישט בעוואהרענט!... האב איך גענומען די פיס אויף די פלייצים און בין זיך דורכגעפאהרען קיין יעהופעץ, בין איך זיך, איין עצה האלטען זיך מיט א רעכטען אדוואקאט, און אגב האב איך טאקי מיטגענומען מיין זוהן, איך זאל זיין מיט איהם ביים פראפעסער, הערען וואס דער פראפעסאר וועט זאגען, צי טויג ער צי טויג ער ניט, חאטש איך וויים אליין גאנץ גוט, אז ער טויג ניט דער הונט, שייך זאגען ער טויג ניט? טויגען טויג ער, נאר פאר קיין סאלדאט טויג ער ניט. און אז איך וועל הערען, וואס דער אדוואקאט וועט מיר זאגען און וואס דער פראפעסער וועט מיר זאגען, וועל איך שוין דעמאלט קענען שלאפען רוהיג און אויפהערען האבען צו טהון מיט'ן פריזיוו, אויפהערען... צום סוף לאזט זיך אויס, אז די אדוואקאטען מיט די פראפעסארען ווייסען אלע מעהר פון א טוידטען ווייסען זיי, אז דער זאגט אזוי און דער זאגט אזוי, דול און משוגע צו ווערען!

צום ערשטען אדוואקאט האב איך אנגעטראפען אויף איינעם א גראבע קאפ א שטומפיגע און דוקא מיט א גרויסען שטערען און מיט א ליסינע, חאטש נעם קאטשע אויס אויף איהר א בלאט לאקשען. ער האט בשום אופן נישט געקאנט פערשטעהן, ווער איז אלטער און ווער איז

שמחת־החג איז דאך א גרויסע מצוה און א געשמאקע מצוה. מען זעצט זיך צום סדר, זאגט די הגדה, טרינקט וויין און עסט קניידליך, און מען חלומ'ט פון אלטע און פון נ״ע נסים. מען האפט און מען גלויבט, נור דאס איינע פערגעסט מען — צו דענקען. אנדערע פעלקער שכור'ען זיך אן אויף זייערע הגאות מיט וויין און מיט ביער, מיר שכור'ען זיך אן מיט די זכרונות פון אונזער פאלק, מיט די האפנונגען פון אונזער צוקונפט. מיר ווילען ניט דענקען, אוועק מיט די ביטערע געדאנקען! עס איז יום טוב, מען מוז האפען און זיך פרעהען.

אבער דעם יום־טוב איז דא ניט נור צום תענוג, דער יום טוב איז א סטאציאן אויף דעם וועג פון אונזער לעבען, מען מוז דא א ביסיל אויסרוהען און זיך ארומזעהען, וואו מען איז, מען מוז קוקען אויף דעם וועג, וואס מען איז שוין אבגערייזט און אויף דאס ציעל, צו וועלכען מען וויל קומען. דער יום טוב זאגט אונז, אז מען דארף דענקען איבער זיך און זיין פאלק. דענקען און ניט מעהר חלומ'ען! דענקט איבער די פערגאנגענהייט מיט א קלארען קאפ, מיט א ריינעם שכל, וועט איהר פערשטעהן אונזער איצטיגע לאגע און וועט געפינען דעם שליסעל צו דער צוקונפט. דענקען הייסט ניט פרעגען קשיות, מאכען פשט'ליך און דריידליך, נאר פערגלייכען, איין רעיון פון דעם אנדערן אבטהיילען, זוכען דעם צוזאמענהאנג פון דער היסטאריע, געפינען דעם פאדעם פין די סבות און זייערע ווירקונגען. פסח איז דער יום טוב, ווען די יודען זענען געווארען א נאציאן. נאר וואס איז א נאציאן? ווי ווערט מען א נאציאן? און וואס איז דער תכלית פון א נאציאן?

I.

א נאציאן איז א גרופע פון מענשען, וואס געהערען צוזאמען, וואס זענען פון דער נאטור בעשטימט, צו לעבען און זיך צו ענטוויקלען צוזאמען, די סמנים פין א נאציאן זענען: דיזעלבע אבשטאמינג, דיזעלבע קולטור, די גלייכע שפראך, גלייכע מנהגים, קורץ געמיינזאמע אינעווענדיגע און אויסווענדיגע לעבענסבעדינגונגען, די הויפטזאך איז אבער דער געמיינזאמער ווילען. די געמיינזאמע האפענונג פאר די צוקונפט, ווארום מענשען, וואס האבען נור א פערגאנגענהייט און ווילען ניט האבען קיין צוקונפט, זענען א נאציאן פאר דעם בית־עולם, אבער ניט פאר די לעבעדיגע וועלט. יעדער פון דער נאציאן מיז לעבען פאר דעם כלל און דער כלל מוז ווירקען פאר יעדען. יעדער איז נור א גליעד פון גוף, וואס קען נור האבען א צוועק, ער ארבייט פאר דעם גוף. איין אבר, וואס קען ניט מעהר ארבייטען פאר דעם גאנצען גוף, איז טויט און מוז אבגעשניטען ווערען. ווער עס קען און וויל ניט ווירקען פאר זיין נאציאן, איז איין אבג שטארבענעס גליעד, וואס ניט נור ער נוטצט ניט דעם גוף פין דע־ אומה, נאר ער שאדט זעהר, ער פערפוילט אליין און פערדארבט דעם גאנצען גוף.

זענען די יודען א נאציאן? אט מיט דער קלוגער שאלה האבען זיך אונזערע פילאזאפען פיעל יאהרען פערדרעהט דעם קאפ. אבער דאס לעבען גיט א בעסערען ענטפער אויף די פראגע ווי אלע קלוגע חקירות. ווער עס וויל זיין א נאציאן, א״ז א נאציאן. די יודען קענען נור לעבען אלס נאציאן, ווארום אז ניט הערען זיי אויף צו זיין יודען. זייער גאנצע קראפט און זייערע גרויסקייט ליגט אין דער נאציאנאליטעט. די יודען זענען א שטארקערע נאציאן ווי יעדע אנדערע נאציאן אויף דער וועלט, ווארום אז ניט וואלטען זיי ניט געקענט אזוי לאנג עקזיסטירען. א נאציאן, וואס קען לעבען 2000 יאהר אהן א אייגען לאנד, צווייט און צושפרייט, צושלאגען און פערפינסטערט, און הערט פון דעסטוועגען ניט אויף צו האפען אויף א נאציאנאלע צוקונפט—

---

איציק און ווער איז אברהם יצחק און ווער איז געווען אייזיק? דערצעהל איך איהם דאך איבער נאך אמאל און נאך אמאל, אז אלטער און איציק און אברהם יצחק דאס איז איין מענש, און אייזיק איז דער וואס האט איבערגעקעהרט אויף זיך דעם סאמאוואר. מיין איך אז איך בין שוין מיט איהם פארטיג, צום סוף טהוט ער מיך א פרעג גאר איבער א נייס:

— שטעהט נור שטעהט, ווער זשע איז צווישען זיי דער עלטערער, איציק צי אלטער צי אברהם יצחק?

— טי'ך טאבי דאורין! — מאך איך צו איהם — איך האב אייך שוין דאכט זיך פופצעהן מאל געזאגט, האב איך אייך, אז איציק און אברהם יצחק און אלטער איז אלץ איין פארשוין, דאס הייסט דער אמת'ער נאמען זיינער איז איציק, דאס הייסט אברהם יצהק, נאר רופ'ן רופט מען איהם אלטער, דאס האט איהם די מאמע זיינע, זאג איך, אזוי פערצוינגען, און אייזיק, זאג איך, איז דער וואס האט איבערגעקעהט אויף זיך דעם סאמאוואר, זאג איך.

— ווען זשע — מאכט ער — אין וואס'ער יאהר הייסט דאס, איז געשטאנען אברהם אלטער, מיין איך יצהק אייזיק צום פריזיוו?

— וואס בעלעבעטשעט ער? — זאג איך — וואס האט איהר צענויפגעמישט קאשע מיט בארשט? דאס ערשטע מאל אויף מיין לעבען, זאג איך, טרעפט זיך מיר אז א יוד זאל טראגען אויף זיך אזא גוי'ישען קאפ, זאג איך.

א שפיי געטהון און אוועקגענאנגען צו איין אנדער אדוואקאט און האב אנגעטראפען שוין דוקא אויף א נמרא־קעפיל האב איך אנגעטראפען, נאר אביסיל שוין ציפיעל איבערגעשפיצט. ער האט זיך געריבען דעם שטערען און געלערענט דעם פשט, גערדרעהט, געמוטשעט די זאקאנעס, אזא זאקאן און אזא זאקאן, אזא קאססאציע און אזא קאססאציע, ער האט מיר אנגעקאססאציעט א פולען קאפ האט ער מיר אנגעקאססאציעט, איך האב געמווט געהן צו א דריטען, האב איך געמווט, און האב אנגעטראפען אויף א נייעם שלים־מזל, נאך גאר א יונג אדוואקאטיל, נאר וואס פון דער נאדעל ארוים, דאס הייסט ניט לאנג געענדיגט יורי, זעהר א צוגעלאזט מענטשיל מיט א צינגעלי ווי א גלעקיל און סע קלינגט. ווייזען ווייזט אוים, אז ער לערענט זיך נאך רעדען, לערענט ער זיך, מחמת אז ער רעדט זעהט מען, אז ער האט הנאה, האט ער, ממש סע קומט איהם צו א שטיק געזונד. ער האט זיך אזוי צערעדט, אזוי צעפלאקערט, געהאלטען א גאנצע דרשה געהאלטען, אז איך האב געמווט איבערשלאגען אין מיטען און זאגען:

— זעהר פיין — זאג איך — איהר זענט אודאי זעהר גערעכט, נאר וואס טויג מיר, זאג איך, אייער ווייגען, וואס איהר בעווייזט מיך? איהר ניט מיר בעסער איין עצה, זאג איך, מיט מיין זוהן וואס טהו איך, טאמער חלילה טהיט מען איהם א רוף, טאמער?

— איך וועל אייך זאגען דעם אמת, מאכט ער צו מיר מיט פייער, א בן־יחיד, איין און איינציגער ווי זאגט איהר, איין אויג אין קאפ, זאל שטעהן צום פריזיוו איין מאל און צוויי מאל און דריי מאל און פיער מאל און זאל נאך מורא האבען פאר'ן פינפטען מאל — אזא מעשה האט זיך מיר נאך קיין מאל ניט געטראפען.

— הערסט דו, זאג איך, אט אזוי זשע רעדט! וואס האט איהר בעדארפט אזוי פיעל מאהלען, שארפען די צונג און דולען יענעם א מח?

קצור הדבר, וואס טויג אייך היסטאריעס — זאכען — מעשיות — אינטערעסען? איך האב מיך דערשלאגען צום רעכטען, צום אמת'ן אדוואקאט. דאס איז פערשטעהט איהר מיך איין אדוואקאט פון די אלטע אדוואקאטען, וואס פערשטעהט איין ענין. איך האב איהם אויסדערצעהלט די גאנצע

אזא נאציאן מוז זיין זעהר שטארק און דערצו בעשטימט, דער וועלט צו ווייזען, ווי גרויס און געוואלטיג עס ווירקט דער נאציאנאלער געדאנקען. די יודען מוזען זיין א נאציאן, ווייל דאס איז דער תנאי פון זייער לעבען, ווייל דאס איז זייער לעבענסקראפט.

אבער איך רעד דא נור פון די רוסישע רומענישע און גאליצישע יודען. נור זיי זענען א נאציאן, ווייל זיי האבען ניט אויפגעהערט צו זיין יודען, ניט אויפגעהערט זיך צו פיהלען אלס יודען. די דייטשע יודען זענען קיין נאציאן ניט מעהר, ווייל זיי האבען שוין אויפגעהערט זיך צו פיהלען ווי יודען. זיי זענען פאר די יודישע אומה אבגעשטארבענע אברים, און איך האב מורא, אז מען וועט זיי ניט מעהר קענען מאכען לעבעדיג. וואס העלפען אלע חקירות און אלע שענע ווערטער, אז דאס יודישע געפיהל פעהלט? מיר לאכען פון דער אסימילאציאן. געוויס, זי האט ניט אומגעניצעוועט די יודען פאר ריינע עכטע דייטשען, אבער זי האט פערדארבען אין זיי די יודישע נאטור, עס קען זיין, אז פיעל פון זיי ווילען זיין נאציאנאל-יודען, אבער זיי קענען ניט. די 5—6 דורות פון דער אסימילאציאן האבען טאקע פיעל פערדארבען, און איך וויים ניט, אויב מען וועט דאס קענען ווידער גוט מאכען. מען רעדט פון דעם דייטשען ציוניזם. איך פרעג אייך: וואס זאל איך מאכען מיט דעם נאמען, ווען עס פעהלט דאס יודישע פיהלען? העררלובלינסקי איז געוועזען דער גייסטרייכסטער פון אלע דייטשע ציוניסטען, אבער פלוצלינג האט ער אליין איינגעזעהען, אז ער איז שוין אסימילירט, אז דער ציוניזם קומט פאר איהם צו שפעט. ער איז געוועזען עהרליך און האט דאס אפען ארויסגעזאגט. ליידער זעהען מיר נאך פיעל אנדערע דייטשע ציוניסטען, וועלכע דער ציוניזם האט פאר קיין גוטע יודען ניט געמאכט.

מיר יודען, וואס מיר זענען אויפגעוואקסען ווי יודען, מיר פיהלען נאציאנאל, ווייל מיר קענען גאר ניט אנדערש. אונזערע בעסטען געדאנקען זענען נאציאנאל יודיש, אונזער גאנצע קראפט ליגט אין יודענטהום. מיר קענען ניט זיין גליקליך, ניט גרויס און ניט גוט, ווען מיר זענען ניט נאציאנאל-יודען. מיר זענען שטענדיג געוועזען א נאציאן, אבער א אומגליקליכע, פערשווארצטע נאציאן. מיר מוזען טראכטע צו ווערען איצט א לעבעדיגע, גליקליכע, פרייע נאציאן.

II.

ווי ווערט א נאציאן? ווילט איהר עס וויסען, דאן לייענט די מעשה פון יציאת מצרים, גאר פראסט אהן פרושים. לייענט דעם פראסטען פשט, ער איז פיעל גרעסער און שענער ווי אלע פערדרעהטע פירושים. די יודען זענען געוועזען גליעדער פון א נאציאן, אבער זיי האט געפעהלט דאס שטארקע ווילען, דאס האפען, דאס נאציאנאלע געפיהל. נאר דורך די געמיינזאמע צרות אין מצרים זענען זיי געווארען ברידער, זיי האבען אנגעהויבען זיך פיהלען צונעבונדען איינע צו די אנדערע, ווארום צרות זענען דער בעסטער קיט, זיי שמעלצען צוזאמען אלע, וואס לעבען. אין זיי אלע האט זיך אנגעהויבען וועקען דער השק צו פרייהייט, די ליעבע צום פאלק, און זיי האבען אנגעהויבען קלאגען: עס מוז ווערען אנדערש, מיר מוזען קריגען א איינענע היים, זיין פרייע מענשען אין א פרייעם לאנד. און דורך די צרות האט זיך אויפגעוועקט אין דעם גרעסטען יודען דער גרעסטער שמערץ. משה, דער גרעסטער פאלקספיהרער פון דער גאנצער היסטאריע, איז געוועזען דערצויגען ווי איין אסימילאנט, אבער אז ער האט געזעהען, אז מען שלאגט די יודען, איז אויפגעוועקט געווארען אין איהם די ליעבע צו זיין פאלק, און ער האט געוואוסט, אז ער מוז לעבען און שטארבען פאר זיינע ברידער. משה האט געהאט

געשיכטע פון א' ביז ת', און ער איז געזעסען די גאנצע צייט צוגעמאכט די אויגען און געהארכט. אויסגעהערט מאכט ער צו מיר:

— שוין? האט איהר שוין געענדיגט? פאהרט א היים, ס'איז בלאטע, — מעהר ווי דריי הונדערט קערבליך שטראף, וועט איהר ניט צאהלען.

— אט דאס איז גאר? — זאג איך — ע! איך זאל וויסען אז דא שמעקט נור מיט דריי הונדערט קערבליך שטראף! איך האב מורא פאר מיין זוהן, האב איך מורא.

— וואס'ער זוהן?

— וואס הייסט, זאג איך, וואסער זוהן? מיין אלטער, איציק הייסט אם?

— וואס געהר זיך דאס אן, זאגט ער, מיט איציקען?

— וואס הייסט, זאג איך, וואס סע געהר זיך אן? טאמער חלילה שלעפט מען איהם נאך אמאל טאמער?

— ער האט דאך, זאגט איהר, א ווייסען ביליעט.

— ער האט, זאג איך, צווי ווייסע ביליעטען!

— נו, וואס זשע ווילט איהר נאך?

— וואס זאל איך ווילען? זאג איך; — ווילען וויל איך גאר נישט; איך האב נור מורא, זאג איך, אזוי ווי מע זוכט איצטער אייזיקען. און אייזיק איז נישטא, און אזוי ווי אלטער, איציק הייסט דאס שטעהט פערשריבען אברהם יצחק, און יצחק, — אזוי זאגט דער ראבינער אונזער (אפילו א ווילדער טפש!) — איז איסאק און איסאק איז איזאק און איזאק איז אייזיק, קאן מען חלילה זאגען אויף מיין איציקען, אדער אברהם יצחקן, אלטערען הייסט דאס, אז ער איז דער אייזיק?

— נו, וואס זשע איז, מאכט ער, אדרבה, נאך גלייכער. אויב איציק איז אייזיק וועט איהר פערשפארען צאהלען שטראף אויך, ער האט דאך, זאגט איהר, א ווייסען ביליעט.

— צווי, זאג איך, ווייסע ביליעטען! די ביליעטען האט אבער איציק ניט אייזיק.

— איהר זאגט דאך, מאכט ער, אז איציק איז אייזיק.

— ווער זאגט דען, זאג איך, אז איציק איז אייזיק?

— אט האט איהר דאך נאר וואס, זאגט ער, געזאגט, אז איציק איז אייזיק!

— ווי קאן איך, זאג איך, זאגען אזא זאך, אז איציק איז גאר אלטער, און אייזיק איז דער וואס האט איבערגעקעהרט אויף זיך דעם סאמאוואר. ווערט ער אנגעצינדען און הייסט מיר געהן.

— געהט אייך, זאגט ער, געזונדערהייט, איהר זענט א נודניק!...

איהר הערט צי ניין? איך בין דער נודניק?! נישטא ווער ס'זאל לאכען ווי איך בין א יוד!... נאר שא!... מיר דאכט ער ריהרט זיך מיין סאלדראוס... אט וועט איהר אנקוקען אביסל א יון, א נוואראדיאן, א גבור פון די גבורי-ישראל... נאר איך וועל אייך בעטען איהר זאלט מיט איהם נישט מאכען קיין שום רעד פונ'ם פריזיוו, גלייך ווי איהר ווייסט גאר נישט. ער האט נישט ליעב אז מע רעדט דערפון, מיין זוהן הייסט דאס, און איז נעבאך זעהר גערעכט, ס'איז דאך אי א וועהטיג אי א כזיון, — נענוג ס'איז אנגעזאלעט אויפ'ן הארצען, אין שטוב איז חשך, און דו העצקע זיך טא הין טא הער, — לסוף אז מע דערצעהלט א פרעמדען, לאכט נאך יענער!... טאמער ווייסט איהר וואס איז דא פאראן וואס צו לאכען וואס? יענעם צאפט זיך בלוט, איין שטיקל זוהן משטיינס געזאגט, א בן-יחיד, איין אין איינציגער, א ריינער, איין אמת'ער, א כשר'ער... שששש!...



א געטליכען גייסט און א געטליכע קראפט, ער האט געקענט זיינע ברידער און האט געוואוסט, ווי מען מוז זיי פיהרען. זיין ווארט איז געוועזען ווי א דונער, זיין בליק ווי א בליטץ און דאך פול פון ליעבע, ווי א פאטער צו זיינע קינדער. אז מיר יודען וואלטען געהאט אין 3־טען גלות א משה׳ן, וואלטען מיר שוין לאנג־ געוועזען דערלייזט. א יודישער פאלקספיהרער קען ניט ווערען געמאכט, ער מוז ווערען דערצו געבארען, ער מוז לעבען פאר די גרויסע אידעע, ער מוז וויסען, וואס ער וויל, און ער מוז האבען די קראפט זיינע אידעען אויסצופיהרען. אזא פיהרער וועלען מיר יודען ניט מעהר קריגען. מיר מוזען איצט אליין זיין אונז׳ערע אייגענע פיהרער. אין מצרים איז אונזער פאלק געוועזען נאך א קינד, היינט זענען מיר איין אלטעס פאלק. און עס איז צייט, אז מיר זאלען זיך אליין דערציהען, אונז אליין פיהרען. מיר האבען געווארט דעם גאנצען לאנגען גלות ווי קליינע יונגליך, וואס האבען מורא אליין צו געהן אהיים פון חדר. מיר האבען געווארט אויף דעם גרויסען פיהרער פול מיט פאנטאזיע, מיר האבען געהאפט אויף משיח׳ן מיט זיינע וואונדער, און — האבען אליין גאר נישט געטהון. זאל דאס שטענדיג אזוי זיין? זאלען מיר גאר ניט אנהויבען אונז צו פיהלען ווי פרייע, פערשטענדיגע מענשען, וואס ארבייטען אליין פאר זיך און פאר זייער פאלק?

דרויסען איז דער פריהלינג, די זון איז ווידער דא מיט דער גאנצער קראפט, די גאנצע נאטור ווערט ווידער לעבעדיג, די וועלט טהוט זיך אן א יום־טוב׳דיג קלייד, און אלעס איז שען און הערליך, און אלעס וויל לעבען און בליהען און וואקסען. איהר אבער, ארימע ברידער, שטעהט און קוקט ווי בלינדע אויף די דאזיגע פראכט. וואס ווייסט איהר פון פריהלינג? איהר האט זיך אבגעוועהנט צו לייענען אין דעם גרויסען בוך „נאטור“, איהר פערשטעהט ניט די שפראך פון דער נאטור. דער פריהלינג איז אין לעבען פון פאלק דאסזעלבע ווי אין לעבען פון א בוים. יעדעס פאלק, וואס איז נאך ניט געשטארבען, שטעהט ווידער אויף אין פריהלינג, שאקעלט־אב פון זיך דעם שניי און מוז ווידער בליהען און וואקסען. פערשלאפט ניט דעם פריהלינג, ווארום אז מען זייט ניט אין פריהלינג, שניידט מען ניט אין הערבסט.

„עולם הזה איז נור פאר די גוים, פאר אונז איז עולם הבא!“

דער דאזיגער שפרוך איז ניט נור א נארישקייט, נאר אויך איין אומגליק. מיר לעבען דאך אין דעם „איצט“ און דאס בעסטע און אידעלסטע ווארצעלט אין דעם לעבען פון „איצט“. ווער עס פעראכטעט דאס איצטיגע לעבען, דער האט אויך ניט קיין צוקונפט, דען די צוקונפט איז נור די פארטזעצונג פון דעם איצט. מיר יודען האבען אמאל ליעב געהאט דעם עולם הזה און די וועלט מיט איהר שענקייט און איהרע תענוגים, ווארום מיר זענען געוועזען א נאטור־פאלק. ערשט, ווען מען האט אונז אבגעריסען פון דער נאטור, האבען מיר אויפגעהערט צו פערשטעהן און צו ליעבען די וועלט, מיר זענען געווארען נור עולם־הבא׳ניקעס.

די גלות־יודען גיבען זיך צו ווענינ אב מיט די לעבענספראגען, און דערום קענען זיי נור האפען און גלויבען, אבער ניט ארבייטען פאר זייער פאלק. דער יוד פערטיפט זיך אין די פערגאנגענהייט און פער׳חלום׳ט זיך אין די צוקונפט, און דערמיט איז ער יוצא און שלאפט ווייטער. דער יוד זעהט ניט, ווי שען עס איז די וועלט, ווי די נאטור, וואס איז די מוטער פון אלע קינדער, האט אויך־אונז האלט און איז אויך פאר אונז שען. איהר דערצעהלט מיט כונה די אלטע נסים און ווארט אויף נייע נסים — אבער די זעלבסטהילף פעהלט, און פסח איז דער יום טוב פון דער זעלבסטהילף. שטעהט אויף, די נאטור רופט אייך, די גרויסע נאטור דרויסען און די נאטור פון אייער פאלק. דאס לעבען רופט אייך, איהר זאלט ווייטער פיהרען אייער אלטע און גרויסע היסטאריע. די נויט רופט אייך, אייער נויט און די נויט פון אייער פאלק, שטעהט אויף צו גרויסע טהאטען!

איהר ווארט אויף נסים? וואס איז דען א נס? איז ניט אייער לעבען אויך א נס, א וואונדער? איז ניט אלצדינג אין דער נאטור און אין דער געשיכטע פון דער יודישער נאציאן א לאנגער נס? א קראנקער האפט און ווארט אויף א נס, אבער פון דעסטוועגען נעמט ער די רפואות און פיהרט זיך ווי דער דאקטאר האט בעפאהלען, מיינט איהר, אז א קראנקע נאציאן קען געזונד ווערען עפיס אנדערש, אהן רפואות? היינט איז דער געבורטסטאג פון אונזער פאלק, ווייסט איהר, ווי מען פייערט א געבורטסטאג? מען קוקט זיך ארום, וואס מען האט שוין אבגעטהון אין לעבען און מען מאכט זיך א פראגראם פאר די קומענדיגע צייט. דענקען און ארבייטען, דאס זענען די צוויי יסודות פון אונזער לעבען, די צוויי זאכען טארען מיר ניט פערגעסען. איהר קענט נאך ניט געהן אהיים, אבער איהר קענט זיך גוט צוגרייטען צו דער גרויסער היסטארישער ארבייט, וועלכע ווארט אויף אייך, איהר דארפט ווערען מענשען, וואס טויגען פאר די וועלט, וואס קענען נוטצען זיך אליין און דעם כלל.

דערצעהלט ניט פון די קרבנות, וואס מען האט געבראכט, נאר פון די קרבנות, וואס מען זאל און מוז ברייננען. אייך זעלבסט זאלט איהר מקריב זיין פאר זיך און פאר אייער פאלק. וואס זענט איהר אהן אייער פאלק? פערחושכ׳דינע, ארימע מענשען. וואס איז דאס פאלק אהן אייך? א פוסטער נאמען, א טויטער בעגריף. איהר זענט אייער פאלק, און אייער פאלק איז אייער היים און אייער הייליגטום. זעהט ווי דער גרעק קוקט אויף קרעטא און ווי איהר קוקט אויף ארץ־ישראל. דער גרעק קוקט מיט קלארע אויגען און בערעכענט יעדע מינוט, ווי צו קריעגען די אינזעל, און איהר חלומט און פאנטאזירט פון ארץ ישראל און פרעגט ניט, ווי און ווען מיר וועלען קומען צום ציעל. דער גרעק לעבט אין דער וועלט און איהר לעבט אין די עולמות העליונים, דאס איז דער חילוק.

נעוויס, עס איז אין די לעצטע עטליכע יאהר געווארען א ביסיל בעסער מיט אונז יודען. די עצמות היבשות האבען אנגעהויבען זיך צו ריהרען, אבער דער גייסט פעהלט נאך אין זיי, דער גייסט, וואס זאל זיי בעלעבען און זאל זיי שטארקען צו גרויסע טהאטען. עס פעהלט נאך דער שטארקער נאציאנאלער כאראקטער, די גרויסע קראפט, וואס קען שאפען גרויסע ווערק. לערנט וועלען, ריכטיג וועלען, וועט איהר קענען. לערנט צו דענקען, ווארום דענקען פיהרט צו ארבייט, חלומ׳ען אבער פיהרט צו פוילקייט און שוואכקייט. אט אזוי וועט איהר ווערען א נייע גרויסע נאציאן, איין אלטע נאציאן מיט יונגער קראפט, איין אלטער בוים מיט נייע בליהונגען.

## III.

דער תכלית פון א נאציאן איז צו פערבעסערן און צו פעראיידעלן אלע גליעדער, וואס געהערען צו איהר. יעדער מענש מוז זיין נאטור

אויסבילדען, און יעדעס פאלק האט דעם חוב זיינע קרעפֿטען און זיין גייסט צו פֿערשטאַרקען און צו פֿערשענערן. עס זענען דאָ ביי אונז חכמים, וואס לאַכען פֿון דעם ציוניזם, ווייל ער איז פֿאר זיי אַ צו קליינעס אידעאַל, זיי ווילען זיין קאסמאפאליטען, דאָס הייסט זיי ווילען ארבייטען פֿאר א.ע מענשען אויף דער וועלט. אָט דאס איז די זעלביגע חכמה, ווי ווען א פויער וואלט זאגען, ער וויל ניט בעארבייטען זיין קליין שטיקיל ערד, ער וויל ארבייטען פֿאר די גאנצע וועלט. די נאטור האט יעדעם מענשען אנגעוויעזען א פלאץ צו ארבייטען, און אז ער בעארבעט זיין שטיקיל פֿעלד, ארבעט ער פֿאר אלע מענשען פֿאר די גאנצע וועלט. אונז יודען האט די נאטור אנגעוויזען א גרויסעס פֿעלד: אונזער פֿאָלק, א פֿעלד, וואס שרייט צו אונז, מיר זאלען עס בעארבייטען. פאלגען מיר דער נאטור, דאן האבען מיר געבראכט א גרויסען נוטצען פֿאר די גאנצע מענשהייט, ווארום אז מיר זאלען פֿאר אונזער פֿעלד ניט זארגען, ווער זאל ושע דא ארבייטען? עס איז דאך אונזער פֿעלד, מיר זענען דאך אין איהם געבארען. דער קאסמאפאליטיזם איז טאקי א גרויסעס אידעאל, אבער, אז מען וויל ארויף אין דער הויך, מוז מען קלעטערן אויפ'ן לייטער, שטאפעל פֿאר שטאפעל און נישט שפרינגען אין דער לופֿטען. לאזט אונז ערשט ווערען א קליינעס, פֿרייעס פֿאלק, מיר וועלען דענסמאל זיין די ערשטע, וואס וועלען ארבייטען פֿאר די גאנצע וועלט.

יעדער שטיין, וואס מיר בויען פֿאר אונזער צוקונפֿט, איז א גוטער שטיין פֿאר דעם טעמפעל פֿון דער מענשהייט, מיר פֿערטיפֿען אונזער קולטור, מיר מאכען די יודען פֿאר נייע מענשען, וואס דענקען אין גייסט פֿון דער נייער צייט און דאך עכט יודיש. דאס איז אויך א טובה פֿאר די גאנצע מענשהייט. מיר שטארקען און פֿערבעסערן אונזער ליטעראטור, פֿעראיידעלן אונזער שפראך, בויען אויס אונזער וויסענשאפֿט, דערפֿון ווערט אויך שטארק די וועלטליטעראטור. מיר מאכען ווירטשאפֿטליכע גוטע איינריכטונגען פֿאר אונזערע ארבייטער און פֿאר אונזערע ארימע, מיר ערציהען זיי אזוי, אז זיי זאלען לעבען געזינדער, בעסער און לייכטער, דערפֿון האט א נוטצען די גאַנצע וועלט.

אבער מיר מוזען וויזען, אַז מיר ארבייטען, אז מיר זענען ניט קיינע בעלי חלומות, נאר טיכטיגע ארבייטער, טרייע קינדער פֿון פֿאלק. מיר מוזען ארויס פֿון די קינדערשיכליך און אנהויבען צו געהן צום ציעל. מיר זענען געווארען ציוניסטען, מיר צאהלען דעם שקל, לייענען די בעריכטען פֿון קאנגרעס מיט גרויס כּוָנה און האפֿען, אז מסתמא וועט ווערען גוט, די פֿיהרער וועלען שוין אַלצדינג מאַכען. אַזוי דענקען קינדער, אָבער ניט פֿערשטענדיגע מענשען. האָט איהר געפרופֿט טראַכטען, ווי עס זאל ווערען גוט, ווי קען מען און מוז מען אַרבייטען, צו קומען צום ציעל? ווייסט איהר געוויס, אַז מיר קומען פאַמעליך אַ ביסיל נעהנטער צום גרויסען אידעאַל פֿון אונזער פֿאלק? ווייסט איהר חאָטש, אויב מיר זענען אויף דעם רעכטען וועג און בלאָנזשען ניט חלילה? אויף אַזאַ אופן קענט איהר אייער פאַלק גאָר ניט נוטצען. דער ציוניזם איז ניט קיין פּראָסטער נאָמען. ווער עס רופֿט זיך ציוניסט, מוז וויסען וואָס ער וויל און וואס ער קען טהון פֿאַר די צוקונפֿט פֿון אונזער פֿאָלק.

פֿיעל פֿון אונז זענען גאָר געווארען גרייליך שטאלץ. וואס זאל מען זיך אבגעבען מיט קליינינקייטען, ווען דאס גרויסע ווערק וועט באלד ערפֿילט ווערען? מען פֿערגעסט, אז א פּאַרטיי, וואס וויל בריינגען גרויסעס פֿאַר די קומענדיגע צייט, מוז אנהויבען צו שאַפֿען קליינעס שוין פֿאַר די איצטיגע צייט. פֿון דער צוקונפֿט אַליין קען קיין פארטיי ניט לעבען. מיר ציוניסטען מוזען ווייזען, אַז מיר זענען ווידער געווארען לעבעדיגע מענשען ווי די אַנדערע פֿעלקער, אַז מיר קענען מיט פֿלייס און מיט שכל אַרבייטען אויף דעם פֿעלד פֿון דער קולטור און פון דער ווירטשאַפֿט פֿאַר אונזער פֿאלק. מיר מוזען געהן אין די שול פֿון לעבען און זיך לערנען, ווי מען ווערט שטאַרק און ווי מען קען מלחמה האַלטען פֿאַר זיך און פֿאַר דעם כלל. מיר מוזען נעהמען דאס נוטע וואו מיר געפֿינען עס. מיר האבען אַ צייט מיט יאהרען זיך נעלערנט אנצונעהמען די חסרונות פֿון אַנדערע פֿעל־קער, איצט מוזען מיר זיך לערנען אנצונעהמען זייערע מעלות.

אין מיטען דער נאַכט זענען מיר ארויסגענאַנגען פֿון מצרים. אין אַ ליכטינען טאג און מיט א קלארען קאפ מוזען מיר אַרויס־ציעהען פֿון לעצטען גלות. נור פֿרייע פֿערשטענדיגע מענשען פֿער־דיענען אַ גרויסע צוקונפֿט.

קאַרלסרוהע. פֿאַביוס שאַך.

---

## פַאר מָשִׁיחֶ'ן.

I.

בַּיי דֶעם יַרְדֵן שְׁטֶעהְט אַ קוּזְנֶיע;
אוּן דֶער קָאוַואל אִין דֶער קוּזְנֶיע
שְׁטֶעהְט בַּיי דֶער מְלָאכָה.
מִיט דֶעם בְּלָאזְזַאק בְּלָאזְט עֶר דָארְט,
פָּאךְ־פָּאךְ! פָּאךְ־פָּאךְ! בְּלָאזְט עֶר דָארְט,
אוּן מִיט גְלִיק אוּן בְּרָכָה.

רוֹיט אוֹיף דִי קָאוַואדְלֶע גְלִיהְעְן
טְהוּט דָאס אַייזֶען; טְהוּט זִיךְ צִיהֶען,
קָאכֶען הֵיים אוּן זִיעְדֶען,
אוּן דֶער הַאמֶער קְלַאפְּט דֶערוֹיף,
הוּק־הוּק! הוּק־הוּק! קְלַאפְּט דֶערוֹיף,
קְלַאפְּט אוּן טְהוּט עֶס שְׁמִיעְדֶען.

קְלַאפּ־זְשֶׁע, קָאוַואל! לָאזְען שְׁפְּרִיצֶען,
רָאזֶען טוֹיזֶענְד פוּנְקֶען בְּלִיצֶען,
פְלִיהֶען וִוי מַלְאָכִים — :
פוּן דֶעם הַאמֶער צוּקְט אַ בְּלִיק,
פְּלִים־פְּלַאם! פְּלִים־פְּלַאם! צוּקְט אַ בְּלִיק
אוּן עֶס דוּנֶערְט נָאךְ אִיהְם.

וָואס־זְשֶׁע, קָאוַואל, שְׁמִיעְדְסְט דוּ דָארְטֶען?
— „שְׁמִיעד פוּן מַיינֶע בֶּעסְטֶע סָארְטֶען,
בִּין זִיךְ דָא מַטְרִיחַ:
דִי פְּאדְקָאוֶוע מַאךְ אִיךְ פַאר'ן
הוּרַא! הוּרַא! מַאךְ אִיךְ פַאר'ן
פֶערְדִיל פוּן מָשִׁיחַ!"

II.

בַּיי דֶעם יַרְדֵן שְׁטֶעהְט אַ וֶועבְשְׁטוּהְל;
אוּן דֶער וֶועבֶער אוֹיף דֶעם וֶועבְשְׁטוּהְל
שְׁטֶעהְט בַּיי דֶער מְלָאכָה.
בּוֹימְט דִי קֶעטֶע אוֹיף דֶעם בּוֹים,
וִויק־וִויק! וִויק־וִויק! אוֹיף דֶעם בּוֹים,
בּוֹימְט מִיט גְלִיק אוּן בְּרָכָה.

פון דעם וועבער־לאדען פעדעם
שלעפט ער איצט צונויף און יעדעם
ציהט ער דורך די קאמען;
טרעט איצט פלייסיג אויף דער שאפט,
טריף־טראף! טריף־טראף! אויף דעם שאפט,
שיסט דעם שוס צוזאמען.

קוים צו זעהען מיט די אויגען
לויפט די שיף; א פייל פון בויגען
לויפט דאס וועבער־שיפיל;
פלינק אהין און פלינק אהער,
ציק־צאק! ציק־צאק! פלינק אהער,
און מען זעהט נישט וויפיעל.

וואס־זשע, וועבער, וועבסט דו דארטען?
— „וועב פון מיינע בעסטע סארטען,
בין זיך דא מטריח,
און דאס מלבוש מאך איך פאר'ן,
הורא! הורא! מאך איך פאר'ן
הייליגען משיח!"

III.

ביי דעם ירדן זיצט א שטיקער
פאר דער שטיקעריי; דער שטיקער
טהוט איצט זיין מלאכה,
אויף דער קאנווע שטיקט ער איצט,
פיק־פיק! פיק־פיק! שטיקט ער איצט,
און מיט גליק און ברכה.

צעהלט די שטיק און צעהלט די אויגען,
אויף דער ראמקע אויפגעצויגען
וועגען ניידען־שפיצען;
נייד און גאלד און זילבערוואַרג,
צא־צא! צא־צא! זילבערוואַרג,
און מען זעהט עס בליצען.

קלעפעל־שטיק און אפליקאציע,
קעטעל־שטיק און מיט פונקטאציע,
גאנץ און אויך געבראכען, —
אלעס, אלעס מאכט ער דארט,
שטיך־שטאך! שטיך־שטאך! מאכט ער דארט
קליין און פיין געשטאכען.

וואס־זשע, שטיקער, שטיקסט דו דארטען?
— שטיק פון מיינע בעסטע סארטען,
בין זיך דא מטריח,
און די פאהן, די מאך איך פאר'ן,
הורא! הורא! מאך איך פאר'ן
מלך המשיח!"

IV.

אין דעם הימעל וועבס מלאכים
רוישען פלינק; און די מלאכים
טהוען זייער מלאכה,
פאר גאט'ס שטוהל דא שטעהען זיי,
הורא! הורא! שטעהען זיי,
בעטען גליק און ברכה.

אלעס בעסטע, אלעס שענסטע,
אלעס פיינסטע, אלעס ריינסטע,
עדעלסטע און נייע, —
אלעס דאס, דאס נעהמען זיי,
הורא! הורא! נעהמען זיי,
און אויך אלעס פרייע,

אלעס מיטלייד מיט דעם קראנקען
שוואכען מענש און אויך א בלאנקען
שטארקען גייסט, א פרישען, —
אלעס דאס, דאס נעהמען זיי,
הורא! הורא! נעהמען זיי,
און זיי טהון עס מישען.

וואס, מלאכים, מאכט איהר דארטען?
— „מאכען פון די בעסטע סארטען,
זענען זיך מטריח;
די נשמה מאכען מיר,
הורא! הורא! מאכען מיר
פאר דעם הער משיח!

דאך, אך, וועה אונז, וועה אונז אלע!
פארטיג האבען שוין, אך, אלע
אנדערע די מלאכה;
מיר אליין נור זעהען נישט,
וועה אונז! וועה אונז! זעהען נישט
נאך קיין סימן־ברכה!

נישט גענוג איז מן הסתמא
פאר א זעלכענע נשמה
אלע אונזערע שטאפפען;
האבען אפשר אלץ מיט זיי
וועה אונז! וועה אונז! אלץ מיט זיי
נאך נישט גוט געטראפען.

נישט גענוג איז נאך דאס ריינע,
נישט גענוג מסתם דאס שענע,
נישט דער שטאף דער עכטער;
אפשר איז גאר אויך דער קרעכץ,
וועה אונז! וועה אונז! אויך דער קרעכץ
גאר נאך נישט דער רעכטער!"

און עס וויינען די מלאכים;
און א קרעכץ, א צווייטען נאך איהם
הער, א ביטערליכען —
פארטיג ביז היינט איז נישט די,
וועה אונז! וועה אונז! איז נישט די
נשמה פון משיח'ן!

ד. פרישמאן.

---

## די ערשטע נאכט פון פסח.

ס'איז שוין א צייט נאכ'ן סדר, אלע אין שטוב שלאפען שוין, די ליכט אויף מיין נאכט־טישיל איז שוין לאנג אויסגעגאנגען, דער זייגער האט שוין לאנג דריי געשלאגען, די לעצטע טריט אויפ'ן טראטואר זענען שוין לאנג פערקלונגען.

און נאך בין איך וואך. טויזענדער שווערע מחשבות ציהען דורך מיין קאפ, טויזענדער ביטערע געפיהלען שטעהען אויף אין מיין ברוסט.

מיין אלטער בעל־הבית אין ווייסען קיטעל, די אלטע הגדה מיט איהרע אלטע קשיות, דער פאלשער ניט גענינגענדער תירוץ, די מדרשים, די פיוטים מיט די פזמונות — פאסען כלל ניט צו דעם זין

פֿון פּסח, וועקען ניט די זכרונות, וועלכע זענען נאַטירליך פֿערבונדען מיט איהם.

אין פֿריהלינגס צייט פֿון דער נאַטור פֿייערן מיר דעם פֿריה־לינגס יום־טוב, דעם געבורטסטאָג פֿון אונזער אלט געוואָרענעם פֿאָלק. מיר פֿייערן די צייט, ווען דאָס ס׳פֿאָלק האָט פֿון זיך דעם ווינטער־אייז אַראָבגעוואָרפֿען און אָנגעהויבען צו בליהען, ווען ס׳האָט פֿון דער טיעפֿער קנעכטשאַפֿט צו פֿרייהייט געשטרעבט; ס׳האָט דעם פֿערטי־גען טאָפּ פֿלייש אין דער פֿרעמד אוועקגעוואָרפֿען און געזוכט דורך בלוט און לעבען פֿאַר זיך אַ שטיקיל לאַנד צו געווינען, ס׳האָט דעם „היינט" פֿאַר׳ן ווייטען „מאָרגען" מקריב געווען און זיך פֿאַר די פֿריי־הייט, אויף טויט און אויף לעבען אין וואַסער געוואָרפֿען...

און אַלץ דאָס גרויסע, פֿריהלינגדיגע און נאַטירליכע האָבען מיר אַזוי קלי נליך, הערבסטינ און געקינסטעלט מיט אַ געדאַנקען־טומאַן און גלות־וואָלקען פֿערצויגען; האָבען מיר מיט קראַנקע פֿאַנטאַזיעס, הויך און רויך, פּשט׳ליך און רמזים פֿערשלייערט—פֿון תּוך איז קיין זכר ניט געבליבען...

ווי גרויס דאָס פֿאָלק איז אַלס קינד געווען, אַזוי איז עס גרויסער־הייט קינדיש געוואָרען.

„דעם גרויסען אַלמעכטיגען יודישען גאָט האָט עס געבונדען מיט רצועות פֿון תפילין"... אין גרויסען פֿריהלינגס יום־טוב פֿון דער אומה פּוצט עס זיך אויס אין קיטלען פֿון מתים; פֿון זיין פֿרעהליכען גע־בורטסטאָג האָט עס אַ טרויעריגען יאָהר־צייט געמאַכט...

וואָס פֿאַר אַנדערע איז אַ קוועלע פֿון לעבען, איז פֿאַר איהם אַ טרויער; פֿון דעם וואָס אַנדערע פֿעלקער שעפּען פֿרישקייט און לעבעדיגקייט, וואָס האָט אונזער פֿאָלק?

אַ ל ט ע האָבען: „חמץ במשהו", „מצה־שמורה" און „חד־גדיא"

י ו נ ג ע: „גנבנ׳ן דעם אפיקומן" און ניס; ווייבער: „אַ געשטען אין דער יוך" און קניידליך; טעכטער האָבען נייע היט...

וואָס דען נאָך?

זיצען רבי עקיבא, רבי אליעזר, רבי יהושע און רבי טרפון און רעדען די נאַכט פֿון פּסח מכח דער גאולה, קומט מען זיי רופֿען דאַווגען...

אין דאָרט זיצט אַן׳עולם און פֿאַרעט זיך אַרום דער גאולה מיט הוילע רמזים. שפּיעלענדיג מאַכט ער אָן די מצריים פֿון צעהן מכות הונדערט, פֿון הונדערט צוויי, פֿון צוויי צווייהונדערט מיט פֿופֿציג און בעוואונדערט זיין גבורה...

רבי יהודא איז אַזוי צופֿריעדען מיט יענעם׳ס מכות, אַז ער מאַכט פֿאַר זיי עקסטרא סמנים... און אַנ׳אַנדערער וויל יוצא זיין די גאולה דערמיט, וואָס ער ש ט ע ל ט ז י ך פֿ א ר, אַז ער איז אַרויס־געגאַנגען מיט זיינע עלטערזיידעס פֿון מצרים...

ביי אַזעלכע סדרים איז „חד־גדיא" אויך אַ פּזמון...

---

אַ מ אָ ל האָט זיך דעם ערשטען טאָג פּסח געפֿיהלט דאָס אָנ־קומען פֿון זיבען וואָכען פֿרישעס לעבען, זיבען וואָכען זיסע אַרבייט, פֿרייד און געזאַנג אויף די ברייטע, פֿרייע פֿולע פֿעלדער, אונטער גאָטס ריינעם הימעל אין דעם שויס פֿון דער נאַטור.

היינט פֿיהלט זיך דעם ערשטען טאָג פּסח דאָס אָנקומען פֿון שבעה, זיבען וואָכען פֿון טרעהרען, מען טאָר קיין פֿרייען מוטה ניט ווייזען, מען דאַרף קיין פֿרעהליכע מינע ניט מאַכען... דערצו אַ וועלט מיט סודות, כונות און פּנימות אין די ניין און פֿערציג קבלה־ספירות... און אַנ׳אייביגער סמן: ווען דער ערשטער טאָג פּסח—דעמאָלט איז תשעה־באב...

ווי ווייט זענען מיר פֿון פֿ־ישען ריח פֿון פּשוט׳ן פֿעלד!

מיר ווילען לעבען און וואַקסען, און אונז באַלזאַמירט מען...

* * *

אַלסדינג אין שטוב שלאָפֿט. הערט זיך עפּיס אַ קיל איז דאָס אַ חראָפּ מיט׳ן נאָז פֿון ערגיץ וואו אַ טויט־שלעפֿעריגען; הערט זיך ווי מען ריה־ט זיך, קערט עס זיך עמיצער אום פֿון איין זייט אויף דער אַנדערער, זוכט זיך בעקוועמער צו מאַכען, כדי געשמאַקער צו שלאָפֿען...

דער עולם שלאָפֿט, און איך הויב אָן פֿיהלען, אַז די שווערע לופֿט שפּאַרט זיך אַריין אין מיין צימער אויך... דער קאָפּ ווערט אַלץ שווערער און שווערער, דאָס האַרץ ווערט אַלץ פּוסטער און פּוסטער, דער שלאָף הויבט מיר אָן לאַנגזאַם, גרינג און ווייך די אויגען צוצופֿצוקלעבען, אַ זיסע מידיגקייט צונעמט אַלע מיינע גלידער, אַ טעם גן־עדן, איך גלייך אויס און ציה אויס מיינע ביינער, ס׳איז פּשוט אַ מחיה...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

אַ בלענדענדע ליכטיגקייט פֿערפֿלייצט דאָס גאַנצע צימער. ס׳ווערט אַזוי ליכטיג, אַז איך מוז פֿערזשמורען די אויגען. איך אָטהעם אַ ריח פֿון גן־עדן בשמים, איך פֿיהל איבער מיין פּנים אַ מחיה׳דיגען הויך און ער נעמט דורך די האָהר פֿון מיין קאָפּ און קרייזעלט זיי און גלעט זיי ווי אַ צאַרטע יונגע פֿרויען־האַנד.

און פֿון דער שטאַרקער ליכטיגקייט שיינט אַרויס נאָך אַ העלערעס, נאָך אַ ליכטיגערעס געזיכט, מיט צוויי גוטע טיעפֿע שוואַרצע אויגען. דאָס פּנים איז פֿול מיט צער און ליעבע, אין די אויגען ברענט אַ גייס־טיגעס פֿייער, יוגענד און התפּעלות. דאָס ליכטיגע פּנים איז וואונדערבאַר בעקרוינט מיט שניי־ווייסע, זייד־דינע האָהר, און מיט אַ האַלב ווייכער האַלב שטרייגגער פֿאָטערליכער שטימע האָט עס שטיל אויף מיר קו־קענדיג גערעדט:

— דער טוכלער ריח פֿון די הגדה־שמות שטיקט דיך, פֿרישע לופֿט, פֿריהלינגס לעבען פֿעהלט דיר, האָסט גוט געפֿיהלט, אָבער ניט גוט פֿערשטאַנען; פֿערשטעהן אַ זאַך הייסט—ווייסען איהר סבה.

דאַרף מען אין אַ וויסטען מדבר גרינע פֿלאַנצען זוכען? דאַרף מען ווען אין אַ וואַקסענעם מענשען אַ לעבעדיג האַרץ געפֿינען? דאַרף מען פֿון אַ פֿערזעהעניש לאָגיש דענקען ערוואַרטען?

דו פֿערלאַנגסט פֿון דער יודישער הגדה, וואָס אין יודישען לעבען איז ניטאָ; פֿערזעהענישען, וואַקסענע פֿיגורען איז אונזער פֿאָלק, אַ וויסטער מדבר איז זיין וואָהנונגס־אָרט.

אָבער ניט אין ד ע ם ליגט דאָס אומגליק; דאָס אומגליק ליגט אין דעם, וואָס עס פֿ י ה ל ט ניט זיין לאַגע. עס איז טויט, אָבגעשטאָרבען לעבענדיגערהייט; ניט ד אָ איז דאָס אָרט פֿאַר אַנ׳אמת לעבען. ס׳וועט אָנהויבען ווי אַלע מענשען פֿיהלען, ווען ס׳וועט זיך פֿון דעם וויסטען מדבר אויף גרינע פֿעלדער איבערקלייבען.

דעמאָלט וועט אין זיין לעבען לעבעדיגקייט זיין, דעמאָלט וועט עס אין פֿריהלינג פֿריש זיין, אין דער גרויסער שענער נאַטור אַ שטיק נאַטור ווערען; דעמאָלט וועט עס מיט אַ וואַרעם האַרץ, געזונדען גע־פֿיהל און לויטערע בליקען קוקען אויף די נאַטור, עס וועט זי פֿערשטעהן, ליעב האָבען און א י ן איהר מיט איהר לעבען.

וואלטען מענשען געוועז !... די צייט איז געקומען, דער גרויסער מאמענט האט אבער געטראפען א דור פון קארליקעס...

די נאכט איז לאנג און פינסטער, די אלטע חראפען, די יונגע פאנטאזירען.

די אלטע ליגען ווי אין קברים, רעדען ווי פון אונטער דער ערד, די יונגע לויפען ארום צוזייט און צושפרייט, אויף אלע קרומע וועגען און פערדרעהטע סטעזשקעס בעגעגענט מען זיי.

און ווי קען עס אנדערש זיין?

די טאטעס קענען זייערע קינדער ניט, די ברידער קענען ניט זייערע שוועסטער, ווילד פרעמדע זענען זיי צווישען זיך. ביי זייערע עלטערנ'ס טישען זיצענדיג לעבען זיי שוין אין א פרעמדער וועלט, די עלטערן פערשטעהען עס אבער ניט. על פי טעות האלטען די עלטערן זייערע קינדער פאר "שאינם יודעים לשאול", מיט רעכט האלטען די קינדער זייערע עלטערן פאר תמימים און זיי שווייגען, ב י י ד ע שווייגען...

מיט אונגעדולד ערווארטען די קינדער די מינוט, וואס זיי וועלען זיך ארויסרייסען פון דער ענגער לופט פון זייער עלטערענס הויז; ק ו מ ט די מינוט, האפען זיי זיך ארויס מוטער נאקעט, אהן א בראק יודישקייט, אויף דער פרייער וועלט, און אנטלויפען, לויפען וואוהין די אויגען טראגען זיי.

ווייט פון דערהיים זענען זיי גייסטיג צובראכען און צושפליטערט, צוריסען און צעווארפען, ווען זיי שטעלען זיך אב און ווערען געוואהר: ו ו א ס זיי זענען, ו ו א ו זיי זיינען? און ווען זיי קעהרען זיך אום א ה י י ם און ווילען העלעס ליכט, פרישעס לעבען אין זייער עלטערנ'ס הויז אריינטראגען, ווילען אבוואשען דעם שימעל פון די אלטע חרבות, אויסקעמען דעם שטויביגען צאפ... דערשרעקען זיך די אלטע און פול שרעק שרייען זיי אין איין קול: הַקְהֵה אֶת שִׁנָּיו!...

די טבע פון אנ'אלטען חינעזער איז: איידער א י י ן האהר פון צאפ זאל בעסער דער גאנצער קאפ פוילען.

רייסען די קינדער די קברים, וועקען די טויטע פון שלאף, ווערט א טומעל אויפ'ן בית-עולם, אויף די טויטע פאלט אן אנ'אימה, מיט א צאפעלדיגען קול פון אונטער דער ערד שרייען זיי אין איין אטהעם: "הקהה את שניו"; די שמשים פון חברה קדישא הויבען אויף א ווילד געלעכטער, טרייבען די קינדער, יאגען זיי, רייצען אן אויף זיי ווייסע חברה'ניקעס; די שמשים ציהען זייער חיונה פון בית-עולם דוקא...

דער תם, דער "שאינו יודע לשאול", איז לעילא ולעילא. די שמשים הייסען; אלע זאלען גלייך פיהלען, גלייך דענקען, נאך בעסער: נאר ניט פיהלען, גאר ניט דענקען. די עלטערן דערקענען ניט זייערע קינדער, זיי ווייסען ניט, אז נ ו ר די וואס פ ר ע ג ע ן זענען ווידער ז י י ע ר ע קינדער... און שרייען אין איין כאר מיט די שמשים אין דער חברה: "שאינם יודעים לשאול", הקהה את שניו, גלייך ווי ווילד פרעמדע וואלטען פאר זיי געוועז...

דאס קול איז אויף עטליכע מינוט אנטשוויגען געווארען, נאכדעם האט עס זיך נאך טיפער, נאך מיט מעהר צער געלאזט הערען.

— א מ א ל האב איך אויך פון "הקהה את שניו" זעהר געהאלטען.

אנ'איבערגעקעהרטען פעלץ, מיט די האר ארויף האב איך געטראגען, און מיט א דיקען פעלענעם גארטעל האב איך זיך ארומגעגארטעלט; ס'איז געוועז אנ'אימה צו קוקען.

דורך דונערן און בליצען, מיט שטורם און פייער האב איך געפיהרט וכוחים מיט מיינע געגנער; פ י ע ר ה ו נ ד ע ר ט פופציג מענשען האב איך אין איין טאג פערברענט...

א י ך בין דער ערשטער פאנאטיקער געוועז.

דעמאלט האט זיך גאט צו מיר ענטפלעקט, אויף א וואונדערליכען אופן האט ער מיר געוויזען: אז ניט אין פייער, ניט אין שטורם און ניט אין ווינד — נור אין א צארטער שטילער שטימע לאזט זיך גאט הערען...

דעמאלט האב איך מיינע קליידער אומגעביטען, דעמאלט האב איך א נֶדֶר געטהון שטיל און מילד צו זיין, פון דעמאלט אן בין איך נָע וָנָד און קען צו קיין רוהע ניט קומען.

פון דעמאלט אן אבער האט דער גייסט פון מיין פאנאטיזם פיעל פרוכטבארע צווייגען פון יודישען בוים אבגעשניטען און אין פרעמדע פעלדער פערווארפען: אחר און ישו, אבן עזרא און אקוסטא, שפינוזא און מימון; האטש זיי שעמען זיך ניט צו בעריהמען מיט זיי.

און איך ו ו ע ל צו קיין רוהע ניט קומען, ביז וואנען דער פאנאטיזם, וועלכער פ ע ר ב ר ע נ ט זיינע געגנער וועט ניט אויפהערען ביי יודען; ער האט אבער נאך ניט אויפגעהערט.

זעהר ווייניג גרינע צווייגען האלטען זיך אויפ'ן יודישען בוים, און שניידט מען אויך די אב, מוז דער בוים אנהויבען פערדארען; און דאך שניידט מען, און אויפ'ן בוים ווערען "שווארצע און רויטע" פלעקען...

און ווי לאנג דאס וועט ניט אויפהערען, וועל איך אלץ נע ונד זיין. אויף אלע יודישע שְׂמחות וועל איך קומען, כדי דעם צַער פון די שמחות אויסצוטרינקען; צער וועט תמיד זיין געגונג...

צו זייערע פסח'דיגע סְדָרִים וועל איך קומען, כדי דעם "כוס-אֲבֵלִים", וואס שטעהט גרייט פאר מיר, אראב צו שלינגען; זיי פערשטעהען עס ניט.

און ס'וועט אזוי דויערן ביז די יונגענד-מחנות וועלען גרעסער ווערען, ביז זיי וועלען אוועקווארפען זייער "איך", זיך צונויפקלייבען פון אלע פרעמדע פעלדער און שכנה'שע גערטנער, און פול מוטה און טאלעראנץ, וויסען און גלויבען, טרייע און ליעבע צו זייער פאלק, וועלען זיי זיך צוריק אהיים אומקעהרען, כדי זאנפט און מילד וועקען די שלעפריגע, שטארקען די שוואכע, היילען די קראנקע, ערמוטהיגען די אבהענדיגע און לעבעדיגען גייסט ארייננהויכען אין די פערשטיינערטע...

דעמאלט וועל איך מיט א גרויסען שופר אין מויל מיין לעצטען פליה מאכען פון איין עק וועלט צום אנדערן, און וואו נור יודען זענען, דא וועל איך אנזאגען:

דער גרויסער טאג, דער טאג פון דער גאולה איז געקומען!...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

א שרעקליכע אימה בעפאלט מיך, דאס הארץ קלאפט אלץ שטארקער און שטארקער, דער אטהעם ווערט מיר אלץ קורצער און קורצער; אט אט ווער איך דערשטיקט; די לעצטע כחות האב איך אנגעשטריינגט און ניט מיט מיין קול אויסגעשריען:

אֵלִיָּהוּ!

כ'האב זיך אויפגעכאפט, ס'איז אלץ פערשוואונדען.

אלעס ארום שלאפט, נאר דורכ'ן פענסטער ווייזען זיך די ערשטע סמנים פון שאריען אויף טאג...

בערלין, ש. ראזענפעלד.

# דאָס פּסח׳דיגע געפּעס.

(נאָך דעם טהעמא פון ש.)

ערצעהלונג פון מ. ספעקטאר.

איך בין געווען דער איינציגער מאַנסביל אין שטוב, דעריבער איז אויף מיר געפאַלען דער גורל געהן צום טייך טובל׳ען דאָס גע־פעס; געהן צום טייך איז דאָך שוין עפּיס אַ שטיקיל עסק פאַר אַ בחור׳ל פון 7 אָדער 8 יאָהר, ווי איך בין דענסטמאָל געווען, היינט בפרט נאָך ערב פסח טובל׳ען דאָס פסח׳דיגע געפעס!

אין דער לופט שמעקט שוין מיט פריהלינג, ערטערווייז קוקען ארויס גרינגע קעפּליך פון גראַז, עס בלאָזט אַ מחיה׳דיג, וואַרים ווינ־טיל, און דער טייך איז ניט רוהיג, קליינע ריטשקעליך וואַסער פון דעם געוועזענעם שניי לויפען פון ערגיץ ווייט, פאַלען אריין מיט אַ ליאַרעם און ווי מיט עפּיס אַ שמחה — אין טייך אריין, ווי צו זיך אַהיים נאָך אַ לאַנגען, ווייטען וועג. די זון גלעט דאָס פּנים, ווי מיט אַ געטרייער וואַרעמער האַנד, און איך לאָז זיך באַרוועס מיט דעם פסח׳דיגען געפעס ניט ווייט פון דער באָד — דאָרטען, וואו די וואַסערפיהרער שעפּען וואַסער פאַר די שטאָדט, דאָרטען, וואו די בעלי עגלות און אַלערליי דורכפאָהרער טרינקען אָן זייערע פערד.

איך געה צום טייך טובל׳ען, אָבער איך בין אין גאַנצען מיט מיין האַרץ, מיט מיינע אַלע געדאַנקען אין דער חיים, וואו עס וואַרטען אויף מיר מיינע נייע פסח׳דיגע שטיוועליך, וועלכע שטעהען אין אַ ווינקעלע. איך זעה זיי נאָך איצטער פאַר די אויגען מיט זייערע געפּאַרבטע פּאַדעשוועס, מיט שען אויסגעקלאַפּטע פלעקליך. מיינע געדאַנקען זענען אין גאַנצען דאָרטען, וואו עס וואַרטען אויף מיר אַזוי פיעל גוטע און טייערע זאַכען: אַ נייע קאַפּאָטקעלע, אַ נייע היטעלע און דאָס ליעבע טייערע געזיכט פון דער מאַמען, וואָס וועט מיך צופריעדען און פ־עהליך בעגעגענען פון דעם טובל׳ען דאָס פסח׳דיגע געפעס!

און אַ גליקליכער שפּאַן איך און שפּאַן מיט דעם פסח׳דיגען געפעס צום טייך.

פון דער אַרבייט, וואָס איך האָב איצטער צו טהון, בין איך אויך שטאַרק צופריעדען. דאָס טובל זיין פסח׳דיג געפעס איז אי אַ מצוה, אי אַ פערגעניגען. און איך ווייס ניט, וואָס איז ביי מיר גרע־סער: צי די מצוה אָדער דאָס פערגעניגען. אָנגעזאָגט האָט מיר די מאַמע צוויי זאַכען: איך זאָל ניט צוברעכען דאָס געפעס און זאָל זיין געהיט ביים טייך, חלילה ניט אריינפאַלען אין וואַסער אריין. מילא פון צוברעכען דאָס געפעס האָב איך קיין מורא ניט, וואָרום דאָס גאַנצע געפעס איז בעשטאַנען פון איין חריניק —, און ווי אַזוי וועל איך נעהמען און צוברעכען איין־און־איינציגען חריניק? און מורא האָבען פאַר דעם וואַסער האָב איך אויך ניט וואָס, וואָרום זינט אונזער טייך איז אַ טייך, איז דאָרט נאָך קיינמאָל קיינער נישט דערטרונקען געוואָרען.

אַ חוץ מיר זענען געווען ביים טייך נאָך יונגליך אַזעלכע ווי איך, קלענערע און גרעסערע, און אויך מיידליך מיט געפעס און אָהן געפעס. עלטערע מיידליך און ווייבליך האָבען געוואַשען גרעט ביים ברעג טייך, געשטאַנען מיט די באָרוועסע פיס אין וואַסער און גע־קלאַפּט מיט דעם פּראַטש איבער דעם נאַסען גרעטהאַלץ לכבוד יום־טוב, אַלץ לכבוד דעם כשר׳ן פסח.

איך האָב געהאַלטען מיין חריניק ווי אַ טייערע כּלי, וואָס מען היט אָב ווי דאָס שוואַרצאַפּעל פון אויג. עמיצער זאָל חלילה וועלען זי ביי מיר אָבגזל׳נען, וואָלט איך יענעם די אויגען אויסגעשטאָ־כען. עס האָט זיך מיר אויסגעוויזען, אַז אַלע ביים טייך קוקען אויף מיין חריניק און זענען מיר מקנא.

דער חריניק איז געווען אַ פּראָסטער חריניק, פון גרינעם גלאָז מיט אַ הענטיל און מיט אַ דעקיל אויך פון גרינעם גלאָז, און בכלל איז ער געוועזען אַ גאַנץ געוועהנליכער חריניק, אין וועלכען מען האַלט אָנגעריבענעם חריין, נאָר ביי מיר אין מיינע אויגען האָט ער געהאַט דעם זיבעטען חן: ערשטענס, דערפאַר וואָס ער איז אַ נייער; צווייטענס, דערפאַר וואָס ער איז אַ פסח׳דיגער און דריטענס, דער־פאַר וואָס איך דאַרף איהם טובל׳ען לכבוד יום־טוב.

איין אָרט אויף צו טובל׳ען האָב איך אָבגעזוכט ניט ווייט פון באָד, נעבען אַ גרויסען שטיין, וואָס ליגט דאָרטען משֵשֶת ימי בּראשית.

ווען איך בין צוגעגאַנגען צום טייך, האָב איך פערקאַטשעט די הייזעליך און בין אריין ביז די קניה אין וואַסער אריין. איך האָב זיך אָנגעבויגען, געמאַכט די ברכה און איינגעטונקט דעם חריניק אין וואַסער, אונטערגעטונקען מיט גרויס כּוָנָה און פאָרויכטיגקייט, ווי מען טינקט אונטער איין איינציג קינד, ווען מען באָדט עס אין מול־טער. בעדאַרף זיך אָבער טרעפען אקוראַט אַזוי, אַז דער חריניק טהוט זיך אַ גליטש און גליטשט זיך אַרויס פון מיינע הענד און... נישטאָ קיין חריניק!...

די ערשטע מינוט בין איך געווען אַזוי מבולבל, אַז איך האָב נישט געוואוסט וואָס טהוט מען. באַלד נאָכדעם איז מיר דורכגעפלויגען אַ געדאַנק זיך אַ וואַרף טהון אין וואַסער אריין נאָך דעם חרי־ניק, און דערנאָך געדיינק איך שוין אַליין ניט, וואָס מיט מיר איז געוועזען...

איך בין געזעסען אויף דעם גרויסען שטיין, דעם קאָפּ אַראָב־געלאָזט צו די קניה, און האָב געוויינט מיט ביטערע טרעהרען:

— ס׳טייטש, וואָס וועל איך איצטער טהון? וואָס וועל איך זאָגען דער מאַמען? וואָס וועל איך זאָגען אין דער היים? אַז איך וועל זאָגען, אַז דער חריניק האָט זיך דערטרונקען, וועט מען מיר דען גלויבען? מען וועט אודאי זאָגען, אַז איך האָב איהם צובראָכען, און די מאַמע וועט מיך שלאָגען, וויפיעל עס וועט נאָר אין מיר אריין, און וועט נאָך שרייען אויף מיר: איך האָב דיר אָבער אָנגע־זאָגט, זאָלסט ניט צוברעכען? איך האָב געוואוסט פריהער, אַז דו וועסט איהם צוברעכען!" אַזוי וועט זאָגען די מאַמע און וועט זיין נערבעכט. וואָס פאַר אַ פּנים וועל איך דענסטמאָל האָבען אין דעם נייעם קאַפּאָטקעלע מיט די נייע שטיוועליך, וואָס שטעהען אין ווינקעל. — וועה איז מיר! וועה איז מיר! וועה איז מיר!...

איך האָב זיך צוויינט, צוחליפּעט, מיינע טרעהרען האָבען גע־קאַפּעט אין טייך אריין און צומישט זיך מיט דעם וואַסער פון טייך, וואָס האָט ביי מיר צוגענומען מיין טייערען, טייערען פסח׳דיגען חריניק.

— וואָס וויינסט דו, יונגעלע?

מיט די דאָזיגע ווערטער איז צוגעגאַנגען צו מיר עפּיס אַ מיידיל מיט אַ רויט שאַלעכיל אויף דעם קאָפּ, אָנגעבויגען זיך צו מיר און געוואָלט מיר אַ קוק טהון אין פּנים אריין — זעהן וואָס איך וויין. איך האָב זיך צוחליפּעט נאָך שטאַרקער און האָב איהר

לאנג, לאנג נישט געקאנט ענטפֿערען קיין ווארט. האט זי מיך אנ־גענומען ביי די אקסלען און מיט א פֿריינדליכער שטימע געפֿ־עגט:

— זאג, וואס וויינסט דו, טאמער קען איך דיר העלפֿען?

איך האב אויפֿגעהויבען די אויגען און האב דערזעהן פֿאר זיך א שען, ליכטיג פנים מיט גיטע אויגען און האב קוים געקענט אויסרעדען:

— דער חרי... חרי... חריניק!...

— וואס פֿאר א חריניק? — פֿרעגט מיך דאס שענע מיידיל מיט די גוטע אויגען.

דא האב איך זיך ווידער צעווינט און נישט געקענט רעדען.

דאס מיידיל האט א פנים פֿערשטאנען, אז איך האב עפּיס געמוזט האבען א גרויסען שאדען, האט זי מיך גענומען טרייסטען מיט אזעלכע גוטע ווערטער און מיט אזא זיס קול, וואס איך וועל ניט פֿערגעסען מיין גאנץ לעבען.

— וויין ניט נארעלע, דער טאטע און די מאמע וועלען דיר גאר ניט טהון, עס געהט אזא יום טוב, אם־ירצה־השם צום סדר, וועסט דו פֿרעגען די 4 קשיות, וועסט דו טרינקען זיסען וויין, וועסט עסען גוטע קניידליך...

און נאך א סך, א סך גוטע, זיסע, מחיה'דיגע ווערטער האט מיר דאס שענע מיידיל מיט דעם רויטען שאלעכיל אריינגעגאסען גלייך אין הארצען אריין, איהרע ווערטער האבען מיך געהיילט און געווען א דערקוויקעניש פֿאר מיין פֿערביטערט הארץ. זי האט מיר דעם חריניק ניט צוריקגעגעבען, זי האט מיך ניט אויסגעהיילט, נאר זי האט פֿערגרינגערט, פֿערקלענערט מיינע יסורים.

* * *

וויפֿיעל מאל האב איך נאך דעם ביז היינטיגען טאג איבערגע־לעבט א סך גרעסערע צרות און אומגליקען, ווי דענסטמאל איבער דעם דערטרונקענעם חריניק. און קיינער, קיינער איז נישט צוגעגאנגען צו מיר א קוק טהון אין פנים, מיר העלפֿען, אויסרעדען מיר דאס הארץ, פֿערגרינגערען די יסורים...

אוי, וואו ביזט דו, מיידעלע מיט דעם רויטען שאלעכיל און מיט די גוטע אויגען!

---

## דער סדר אין קיך.

**(א בילד).**

ווען דער מאן האט געלעבט, האט מאדאם זילבערמאן זיך גע־האלטען ווייט פֿון איהר משפחה. דער פֿאטער און אויך אלע איהרע קרובים זענען פֿון דער אלטער וועלט און האבען געוואלט, אז ביי איהר אין הויז זאל זיך פֿיהרען יודיש. איהר מאן אבער איז געווען א געבילדעטער און האט ניט געוואלט וויסען פֿון קיינע „צערעמאניעס".

אזוי האבען „די אלטע" בעשלאסען צו מיידען איהר הויז.

זעהר אפֿט פֿלעגען קומען איהרע קרובים קיין ני. וועגען גע־שעפֿט און האבען קיינמאל ניט געוואלט ביי איהר אין שטוב עפּיס פֿערזוכען. עס זענען געוועזען אויך איינינע, וועלכע האבען געשאלטען „די גויה", וואס עסט טרפֿות.

וואלט מאדאם זילבערמאן געווען אין א שלעכטער לאגע, וואלט זי אפשר געפֿיהלט איהר עלענדקייט און זי וואלט זיך בעמיהט צו שלום ווערען מיט איהר פֿאמיליע, וועלכע זי האט אייגענטליך זעהר ליעב געהאט.

זענען אבער די געשעפֿטען געגאנגען אזוי גוט און עס האט זיך איהר געלעבט אזוי גליקליך, אז זי האט אפֿט גאר פֿערגעסען אן איהר פֿאמיליע און האט זיך ווייניג געקימערט וועגען איהרע קרובים.

דערצו האט זי איהר מאן אזוי געליעבט און געשעצט, אז אלע זיינע פֿערלאנגען זענען פֿאר איהר געווען גערעכט און טהייער.

און איהר מאן פֿלעגט שטענדיג זאגען:

— מען דארף ארונטערוואַרפֿען פֿון זיך די קייטען...

זי האט זיך אליין געוואונדערט, ווי אין א קורצע צייט האט זי זיך אזוי אומגעביטען. פֿון א קליינשטעדטילשען מיידיל איז זי געווארען א היינטוועלטיגע דאמע און האט וואס ווייטער אליך גלייכגילטיגער געקוקט אויף אמונה־זאכען.

— מאלאדיעץ, ליזא! — פֿלעגט דער מאן שמייכלענדיג זאגען די ערשטע צייט.

און וואס רייכער זי איז געווארען, האט זי אליך מעהר פֿער־געסען דאס לעבען אין פֿאטערס הויז און האט זיך צוגעוועהנט צום נייען פֿרייען לעבען.

נאר פּלוצלינג האט איהר א אומגליק געטראפֿען.

דער מאן איז קראנק געווארען און געשטארבען.

דאן האט זי גענומען פֿיהלען, ווי עלענד זי איז.

אמת, זי איז געבליבען א רייכע אלמנה און דאס געשעפֿט האט זיך געפֿיהרט ווי פֿריהער, נאר די איינזאמקייט האט זי געקריינקט און געשראקען.

איהר פֿרעהליכקייט און איהר לעבעדיגקייט זענען פֿערלארען געווארען. איהר געזיכט איז שטענדיג געווען בלאס און טרויעריג. און קוקענדיג אויף די ווירטהין, זענען אלע אין שטוב געווען שטיל און אומעטיג, אפילו די מעבעל אין זאל, די בילדער אויף די ווענד, די ביכער אין שאַפֿ האבען, דאכט זיך, געפֿיהלט דעם טרויער אין שטוב.

ערשט דאמאלס האבען איהרע קרובים רחמנות געקראגען און האבען אנגעהויבען זי עפֿטער צו בעזוכען.

איהר מוטער איז געקומען צו פֿאהרען.

זי האט געהאלפֿען דער טאכטער וויינען. דערנאך האט זי, ווי געוועהנליך, גענומען טרייסטען. ענדליך האט זי געזאגט:

— מיין טאכטער, וואס געווען איז פֿערפֿאלען. נאר פֿון היינט אן זאלסטו אויף זיך נעהמען, מיין קינד, צו פֿיהרען א יודיש הויז.

די אלמנה האט גאר ניט געענטפֿערט, און די מוטער האט ווייטער גערעדט:

— דאס וועט זיין א זכות פֿאר זיין נשמה... ווייסט, מיין טאכטער, איך וועל דיר שיקען פֿון דער היים א יודישע קעכין, א ציכטיגע און זעהר א עהרליכע... אין א פאר חדשים ארום וועט דא זיין דער טאטע...

מאדאם זילבערמאן האט אויף אלעם איינגעווילינט, ווי א מענש, וועמען עס איז אליך איינס, אזוי אדער אזוי. —

---

די נייע קעכין, וואס איז אנגעקומען צו מאדאם זילבערמאן, איז אויך געווען א אלמנה.

איהר בלאסער דארער פנים, די קנייטשען אויפֿ'ן שטערן, די אויסגעמאטערטע הענד, — דאס אלעס האט עדות געזאגט, אז זי האט פֿערבראכט א שווער ארימעס לעבען.

נאָר כל זמן דער מאַן האָט געלעבט, איז די אָרימקייט ניט אַזוי שווער און שרעקליך געווען.

מרים, מאָטע דעם דרדקי־מלמד׳ס ווייב, איז ניט געווען קיין ליידיג־זיצערין. זי האָט געמוזט פֿערדיענען, האָרעווען, טהון וואָס עס האָט זיך געמאַכט. אז ניט, וואָלט קיין חיונה ניט געווען.

— איך וואָלט שען אויסזעהן, איך זאָל זיך פערלאָזען אויף זיין קנעלונג. מיט אַ געזינדעלע, קיין עין־הרע...

מאָטע איז געווען אַ שוואַכער מענש, וואָס פֿלעגט שטאַרק צוהוסטען, און זיין קנעלונג האָט ניט געסטאַרעט אויף היונה פֿאַר איהם אליין.

— אַ נס, וואָס מיין ווייב איז אַ בריה — פֿלעגט ער שטענדיג טראַכטען.

נאָר אַז ער איז געשטאָרבען, האָט מרים זיך געפֿיהלט זעהר אומגליקליך.

צי אין צווייען איז גרינגער צו טראָגען די אָרימקייט, צי האָט מאָטע דער מלמד געהאַט אַ סגולה אַקעגען דאגות, צי אין זיין זכות האָט מרים שטענדיג געפֿונען וואו צו פֿערדיענען — ווער ווייס?

נאָר אַז ער איז געשטאָרבען, איז פלוצלינג געוואָרען חשך אין שטוב.

— וואו זענען מיינע שבתים, וואו זענען מיינע ימים־טובים?.. פֿינסטער איז מיר אין אַלע ווינקעליך...

אַזוי פֿלעגט מרים קלאָגען און ברעכען מיט די הענד.

דעריבער אַז מען האָט איהר פֿאָרגעלענט אַ שטעלע פֿאַר אַ קעכין אין אַ רייכען הויז, האָט זי גלייך עס אָנגענומען. „אבי אַנט־לויפֿען פֿון די צרות“.

די קינדער האָט זי געלאָזען האַלב ביי איהר מוטער, האַלב ביי זיינע עלטערן, און זי איז אַוועקגעפֿאָהרען קיין ווו.

זי האָט געקאָנט די מאַדאַם זילבערמאַן אַלס קינד און האָט זיך אָנגעהערט אין שטעדטיל, וואָס פֿאַר אַ נגידה זי איז.

אַז זי איז אָנגעקומען, האָט זי זיך ניט געקענט אָנקוקען אויף די רייכקייט אין שטוב.

— „חאָטש אַ צעהנט חלק אויף מיינע קינדער געזאָגט געוואָרען“.

פֿון אָנהויב האָט זי זיך זעהר געשראָקען: „מען זאָגט, די גבירים זענען שלעכטע מענשען“.

נאָכדעם אָבער ווי די מאַדאַם זילבערמאַן האָט מיט איהר גע־רעדט פֿריינדליך, זיך נאָכגעפֿרעגט אויף אַלץ, האָט מרים זי גלייך ליעב בעקומען.

— „אַזוי רייך, — און רעדט פּראָסט, אָהן גאוה“.

דערנאָך האָט זי זיך איבערצייגט, אַז די מאַדאַם האָט אַ גאָל־דענעם האַרץ, אַ אמת יודיש האַרץ. זי איז אַזאַ גוטע, אַ בריליאַנט.

און ביסליכווייז האָט זי זיך צוגעוועהנט צו איהר ווירטהין, האָט ליעב בעקומען די קינדער.

צוויי קינדער האָט מאַדאַם זילבערמאַן געהאַט: אַ יונגיל פֿון אַ יאָהר עלף, וואָס איז שוין געגאַנגען אין גימנאַזיע, און אַ מיידעלע פֿון זיבען יאָהר.

— „אַזעלכע איידעלע קינדער: זייער רעדען, זייער שפּיעלען זיך, זייער פֿאָלגען דער מאַמען. אָט דאָס איז טאַקי אין רייכקייט — אַלץ אַנדערש“.

אַזוי פֿלעגט מרים טראַכטען ביי זיך.

און די קינדער האָבען אויך ליעב געהאַט די נייע קעכין, מיט וועלכער זיי האָבען זיך ניט געקענט אויפֿרעדען.

נאָר איין זאַך האָט מרים׳ן פֿערדראָסען. פֿאַר וואָס ווייס מען אין שטוב ניט פֿון קיין יודישקייט? דוכט זיך, ווער איז נאָך אַזוי גרינג צו זיין אַ ערליכער יוד, ווי דעם נגיד? וואָס פֿעהלט, למשל, דעם מאַראַמ׳ס פֿאָטער, וואָס איז אויך רייך, און געהט פֿונדעסטוועגען דריי מאָל אין טאָג דאַווגען?

אָפֿט פֿלעגט זי זיין אין כעס אויף די מאַדאַם: ווי איז דאָס אַ יודישע טאָכטער אַזוי ניט פֿרום? ווי לערנט מען דאָס ניט קינדער צו מאַכען אַ ברכה, דאַווגען, בענטשען? זיי וועלען דאָך אויסוואַק־סען גוים...

אין קיך היט מרים, עס זאָל זיין אַלץ כשר. נאָר וואָס זאָל זי טהון, אַז די מאַדאַם בעט גלייך נאָך פֿלייש אַ גלאָז מילך?

„וואָס פֿאַר אַ מאכל איז מילך נאָך פֿלייש? איך וואָלט, דוכט זיך, אויסגעבראָכען דערפֿון“ — אַזוי פֿלעגט מרים טראַכטען.

שבת איז ריכטיג ווי אין דער וואָכען, די גויה מאַכט דעם סאַמאָוואַר, אין שטוב שרייבט מען, מען נייהט.

— איך וועל דאָס ניט אויסהאַלטען! — פֿלעגט זי די ערשטע צייט צו זיך טענה׳ן — אַ כפרה דאָס געלד, איך וועל פֿאָהרען בעסער אַהיים.

— וואָס אַרט דאָס מיר? איך בין דען נאָטס שטראַפּצע? מיך וועט מען ניט שטראָפֿען פֿאַר איהרע זינד. — אַזוי האָט זי געפּרופֿט איינרוהיגען זיך נאָכדעם.

דערנאָך אַז זי איז צוגעבונדען געוואָרען צו איהר מאַדאַם און האָט זי זעהר ליעב געהאַט, פֿלעגט זי אָפֿט טראַכטען:

— „דאָס איז דאָך מעהר ניט ווי אַ „פֿערבלענדעניש“. זיי פֿער־געסען גאָר, אַז מען וועט שטאַרבען אַמאָל, אַז ס׳איז פֿאַרהאַן אַ נאָט אויפֿ׳ן הימעל“...

און דאָס האַרץ האָט איהר וועה געטהון פֿאַר איהר מאַדאַם.

— „רבונו של עולם! גיב איהר אַריין אַזאַ האַרץ, זי זאָל פֿערשטעהן, ווי שלעכט זי פֿיהרט זיך אויף“...

---

צוויי וואָכען פֿאַר פסח.

מרים האָט געפֿונען אַ גוטע מינוט, ווען די מאַדאַם איז געווען אַביסיל פֿרעהליכער, און האָט געפֿרעגט:

— וואָס וועט זיין מיט פסח?

— וואָס זאָל זיין?

— איך מיין... המ... מצה.

— נו, וועט מען קויפֿען.

— און פסח׳דיג מאַכען אין שטוב?

די מאַדאַם זילבערמאַן האָט אַ שמייכעל געטהון.

— טהוט ווי איהר פֿערשטעהט. איך ווייס גאָר ניט.

און מרים האָט אַלץ געוואַשען און געשייערט „לכבוד פסח“; זי האָט אויפֿגעהיט, מען זאָל ניט וואַרפֿען קיין חמץ, געקויפֿט פסח־דיגע כלים, געהייסען בריינגען מצה א. ז. וו.

אַ פּאָר טעג פֿאַר יום־טוב איז זי ווידער געקומען צו דער מאַדאַם.

— וואָס ווייטער?

— וואָס וועט זיין מיט׳ן סדר?

— וואָס הייסט?

— איך מיין... ווער וועט פראַווען דעם סדר?

— פראַוועט אליין, ווער לאָזט אייך ניט?

— זאָלט איהר געזונד זיין, מאַדאַם, — האָט מרים ווי פערשעמט געזאָגט — ווי איז דאָס אַ סדר אָהן אַ מאַנסביל?

— וואָס זשע זאָל איך טהון? — האָט די מאַדאַם שמייכלענדיג געזאָגט.

— איהר ווייסט וואָס, מאַדאַם, מען דאַרף נעהמען אַ אורח אויף פסח, וועט ער זיין דאָ צום סדר.

— זאָל זיין אַזוי!

און מרים האָט געבעטען אין שוהל דעם שמש, מען זאָל שיקען אַ אורח, אַ עלטערען מענשען און אַ פרומען יודען.

דעם סדר האָט מען געפראַוועט אין קיך.

עס איז דאָרט נעווען ליכטיגער ווי געוועהנליך. חוץ אַ גרויסען לאָמפּ זענען אויפ'ן טיש געשטאַנען פיער סטאַרין ליכט.

אַלעס איז געוועזען ריין און יום־טוב'דיג.

אַ אַלטער יוד איז געזעסען אויפ'ן בעט „אָנגעלעהנט" און האָט זיך צוגעגרייט צום סדר.

מרים איז געווען אומעטיג, עס האָט זיך איהר דערמאָנט דער מאַן און דער פסח אין דער היים....

אין קיך איז אַריין דער קליינער מאַקס זילבערמאַן. ער האָט אויף אַלץ געקוקט פערוואונדערט. דערנאָך איז ער אַרויס און האָט גערופען זיין שוועסטער.

ביידע קינדער זענען געשטאַנען און האָבען מיט די אויגען אָהן ווערטער געפרעגט: „מה נשתנה?"

און דער אַלטער האָט גענומען זאָגען די הגדה אויפ'ן קול, אַלץ מיט מעהר האַרץ.

מרים איז אַרויס און געבראַכט שטוהלען פאַר די קינדער און זיי האָבען זיך געזעצט.

„יודישע קינדערליך און קוקען אויפ'ן סדר ווי טערקליך" — האָט מרים ביי זיך געטראַכט.

אין אַ ווײַלע אַרום איז אַריין די מאַדאַם זילבערמאַן אַליין.

זי האָט אַ קוק געטהון אויפ'ן טיש, אויף דעם וויין, אויף דעם אַלטען און האָט זיך דערמאָנט איהר לעבען ביים פאָטער...

שוין לאַנג לאַנג, אַ יאָהר פופצעהן, האָט זי דאָס ניט געזעהן.

און ניט ווילענדיג איז זי געבליבען שטעהן. עס האָט זיך איהר ניט געוואָלט אַוועקגעהן.

מרים האָט איהר געבראַכט אַ שטוהל, און זי האָט זיך אַנידערגעזעצט.

און מרים האָט אין דער מינוט פערגעסען איהרע זאָרג. אויף איהר פנים האָט זיך בעוויזען אַ צופרידען, גליקליך שמייכעל.

„אָט אָט פאַלט אַראָב „דאָס פערבלענדעניש"... די מאַדאַם וועט ווערען אַ יודישע טאָכטער, און איהרע קינדער וועלען זיין יודען"...

דער אַלטער האָט אויסגעשריען: „גאַל יִשְׂרָאֵל".

מרים האָט זיך אויפגעהויבען צו דערלאַנגען עסען צום טיש...

מ. לאזארעוו.

# דער ערשטער פֶּסַח.

פריידע ר' דוד'לס זיצט פסח אויף דער נאַכט ביי זיך אין צימער. די קינדער זענען זיך צוגאַנגען: די יונגליך — אין קלויז אַריין, די מיידליך—צו די שכנים. זי זיצט איינע אַליין אין גרויסען צימער, און שלאָגט זיך מיט דער איינזאַמקייט... זי שלאָגט זיך שוין ניט, זי האָט זיך שוין אונטערגעגעבען. —

אַלעס, אַלעס—אין שטוב, איז ווי ברוגז... ווי איבעריג... דער גרויסער הענגענדיגער לאָמפּ ברענט ווי עמיצען אויף צופוקעניש; די וואַנד זענען ווייס, ווי מיט כעס... ווי איינער זאָגט: „מיר וואָלטען געקאָנט גלייך דאָ צולעגען זיך און אַלעס פערשיטען, נאָר ס'איז ניט ווערט די טרחה!" דער סופיט קוקט אַוועק; די פאָדלאָגע גלייך זי ווייסט ניט, צי טראָגט זי עמיצען אויף זיך; און אַלעס אויפ'ן טיש און אַרום טיש איז ווי מיט געוואַלד צונויפגעשטעלט...

זי האָט שוין געפרופט אַרויסגעהען אַביסיל אויפ'ן גאַס — אי דאָרט נאָך ערגער: אויף כלומר'שט יום־טוב'דיג... שטיל... ליכטיג, נאָר... עפּיס אַ שטיק בליי לעגט זיך אויפ'ן האַרץ און גיסט זיך איןאַלע אברים...

ז'י קאָן ניט פערגעסען... ס'איז דער ערשטער פסח! ס'איז בכלל ניט איהר טבע צו פערגעסען: זי האָט נאָך ניט פערגעסען אפילו יענעם ערשטען פסח צוריק מיט פופצעהן יאָהר... אוי, יאָהרען...!

„גלייך ערשט נעכטען איז עס געווען!"...

... צעהן מאָל נעשפרייט איין „הסב־בעט", און צעהן מאָל צוואָרפען... איהר איז אַלץ ניט געפעלען: „ניט אויף אַזאַ הסב־בעט" דאַרף איהר דוד'ל זיצען. ביים עלעפטען מאָל איז איהר איינגעפאַלען לעגען איהם צוקאָפּענס דאָס קישעלי, אויף וועלכען זי איז געזעסען, ווען מ'האָט זי בעזונגען פאַר דער חופה... ערשט דעמאָלס איז זי צופרידען געבליבען מיט'ן „הסב־בעט".

און די שעה'ן האָבען זיך איהר געוויזען אי צו לאַנג, אי צו קורץ... „עפּיס זענען זיי היינט פערפאַלען געוואָרען אין קלויז — די מאַנסבילען!"—האָט זי זיך געבייזערט אין געדאַנקען. זי האָט זיך ניט איינגעהאַלטען אין שטוב, אַרויסגעגאַנגען אויף כלומר'שט שפּאַציערען, נאָר געוואָרפען אויגען צו יענעם געסיל אַקעגען דער שוהל: „מען געהט נאָך אַלץ ניט!"—רופט זי מיט פערדרוס.

זי האָט זיך ענדליך דערוואַרט... אַרויסגעפונען „איהם" פון צווישען די יודען, און אין איינעם שוין אַהיימגעגאַנגען. —

דעמאָלס איז אויך דער דרויסען אַזוי אומעטיג געווען ווי היינט... זי האָט געוואָלט, וואָס גיכער אין שטוב אַריין!

און דערנאָך... „אוי, יאָהרען"!

דערנאָך האָט זיך אָנגהויבען אַ מעשה מיט די „פיער קשיות"... עס פאַלט איהם איין, זי זאָל איהם פרעגען די פיער קשיות!... זי האָט זיך צולאַכט איבער'ן גאַנצען צימער!... ער העלפט איהר לאַכען!... נאָר ער זאָגט: „דער דין איז אַזוי! אַז ס'איז נאָך קיין קינדער ניטאָ, דאַרף זי פרעגען! זעהסטו, דעמאָלס... אַז גאָט ב"ה וועט אונז מזכה זיין, ווייזט ער אויפ'ן ווינק... וועט שוין זיין, ווער ס'זאָל פרעגען!"

און זי ווערט רויט... נאָר דאָס האַרץ וואָרפט זיך אין איהר...

„נו, נו! בקיצור—וויל זי איהם פערדרעהן—הכלל, כ'יל פרעגען!"

איהר איז גראַד ניט שווער געווען צו „פרעגען". ווייל מיידיל־ווייז, ביז איהר ברודעריל איז אונטערגעוואַקסען, פלעגט זי אויך דעם פאָטער די „פיער קשיות" פרעגען; זי האָט זיי נאָך געדענקט אין גאַנצען אויסוועניג.

און ער האט זי גענומען צו זיך., אויף די קניה... זי האט א פנים געהאט דעמאלס טאקי ווי א קינר... און זי הויבט אן פרעגען:

„טאטע, כ'ל דיך פ'־עגען!"...

ער צולאכט זיך מיט א געמבא... זי צילאכט זיך זילבעראר־טיג... און מען לאכט און מען לאכט! „ט'האסטו דיר: טאטע כ'ל דיך פ'־עגען!"

זי וויל נאך אמאל אנהויבען פ'־עגען, נאר עס ווע־ט פא־ויס א ויכוח: זי וויל זאגען: „מיין מאן, כ'ל דיך פ'־עגען", און איהם גע־פעלט ניט דער נוסח: „וואס הייסט גלאט — „מיין מאן"? האטש עפיס א צולויג: „מיין טייערער", „מיין ליעבער"!" און זי עקשנ'ט זיך: „וואס איז? איך קאן עס עפיס מיט'ן מויל אויס־רעכענען אלס־דינג, וואס איך פיהל צו דיר?!"

און פלוצלינג... אין מיטען וכוח פאלט איהם איין „מעשה־נערות!... ער נעמט זי ארום... שעמט זיך ניט פאר די ליכט אפילו!

נאר זי איז זיך מישב: „וואס איז דאס פאר שעמען זיך? די ליכט לייכטען יענעם, און אליין זעהען זיי ניט... פאר גאט־ברוך־הוא?! נאר געשיקט זיך—גאט־ברוך־הוא איז ברוגז, אז מאן־און־ווייב האבען זיך ליעב?!"

„אין א גוטער שעה, אפנים, האב איך דעמא'ס ארויסגערעדט! געבעטען זיך ביי גאט — אלע פסח'ן זאלען ביי אונז אזוי פרעהליך זיין! ס איז מקוים געווארען.. דאס לעצטע יאהר, אימשטיינסגעזאגט, איז ביי אונז געווען, ווי ערשט נאך דער חתונה!... דער שכל האט מיר אבגענומען! וואס האב איך בעסער ניט געבעטען דעמאלס „אריכות ימים" פון זיינעט וועגען?! ערשט פאר יאהרען!... אוי, יאהרען!"...

זי האט זיך ניט געקאנט איינהאלטען! זי האט זיך צווויינט!

טרעהרען נאך טרעהרען פאלען פון איהרע אויגען... אלעס שוויינט... גלייך אלעס קוקט אויף איהר מיט מיטלייד... עס הערען זיך ניר דערשטיקטע, אבגעריסענע שטיקער זיפצען און חליפען פ'ן א פערצווייפעלטער נשמה,—פערשטופט אין א ווינקעלע, וואס וויל אויף צו להכעיס וואס וועניגער פלאץ אין לעבען פערנעהמען.

עס הער'ט זיך א רויש פון טריט אויף יענער זייט טהיר...

זי חאפט איין עק פארטוך צו די אויגען; זי וויל ניט די קינ־דער זאלען זעהן... פערשטערען זיי, אימשטיינסגעזאגט, דעם יום־טוב! „אוי, די אויגען טהוען מיר וועה!... עפיס טרעהרען זיי"—הויבט זי אן אויף א קול נאך איידער זי זעהט עמיצען.

נאר עס קומט קיינער ניט אריין, מען האט, דאכט זיך געעפענט די פאדער־טיהר, און קיינער ווייזט זיך ניט. עס איז ווידער שטיל געווארען... עס לויפט איהר איבער א ציטער איבער'ן לייב...

דאס זענען געווען איהרע דריי מיידליך, וואס האבען געפונען פאר נויטהיג פאר'ן אריינגעהען, צו בלייבען א ווילע הינטער דער טיהר... גאט ווייסט, וואס זיי האבען דאר'ט געהאט צו טהון!... נאר אריינגעקומען זענען זיי רעדענדיג... כמעט לאכענדיג...

„אזא ווינד! אזא שטויב אין דרויסען!" — קלאנט זיך איינע:

„די אויגען זענען מיר אזש רויט געווארען!"...

„ס'האט מיר אויך אנגעבלאזען פולע אויגען!" דערצעהלען יענע.

באלד דערויף איז אריינגעקומען אלטער'יל — א צוועלף־יאהריג יונגיל מיט א קליין דריי־יאהריג ברודעריל.

„גוט יום־טוב, מאמע!" שרייעט ער אויס אין טיהר, גלייך ער וויל עפיס פערהאפען אדער — איבערשרייען.

„גוט יום־טוב דיר, קינדעניו!" ענטפערט זי שארף אבקלאפענדיג יעדע זילבע:

„גוט יום־טוב אייך, אלע קינדערליך—מיינע!"

אלטעריל ווארפט איין אויג אהין אויפ'ן „הסב בעט". ער וואנט ניט אהין רעכט צו קוקען: ער ווייס שוין, אז היינט... היינט דארף „ער" דאר'ט זיצען... ער דרעהט זיך א'ום טיש... ער ווייס אלרינגס וואס מען דארף טהון פ'ן „קדש" ביז „נרצה".. נאר ער קאן זיך ניט געהן זעצען דארט...

די שוועסטערליך רעדען הויך און גיך... איינע פאלט דער אנ־דערער אין די רעד אריין... דאס ניט איהם אביסיל מוטה.. ער געהט צום טיש: „קדש"—הויבט ער אן.

די מוטער מיט די שוועסטער פער.עהמען ערטער. אלטעריל מאכט „קדוש", פראוועט „ורחץ", „כרפס", „יחץ"—ווי א גרויסער.

ביי „מגיד" נאך „כהא־לחמא" פאלט אלטעריל, דער קלי נער מאנסביל, צוריק אין זיין קינדהייט אריין. ער בויגט זיך צו צו דער מוטער: „מאמע, — בעט ער זי, — לאמיך דיך פרעגען די פיער קשיות!"

— „נו, גוט,—פרופט זי—זיך אנגעהמען מיט מוטה און ענ'זערט איהם: פ'רעג, פרעג! איך וועל דיר ענפ.."

זי האט זיך פערהיסט... „אוי, דער הוסט, דער הוסט מוטשעט מיך היינט!" פערענפערט זי זיך.

אלטעריל הויבט אן פרעגען: „טאטע כ'ל־דיך פרעגען"..

ער האט זיך געוואלט צוריקחאפען.

פ'יידע האלט ניט אויס: די טרעה־רען און די חליפען דריקען זיך ארויס... ביי אלטערלען איז אויך פ'יל געווארען די מאס... די שוועסטער האבען שוין פ'־יהער זיך אונטערג'נעבען...

א געוואלדיג געוויין האט זיך מיט אמאל ארויסגעריסען ביי אלעמען...

נאר די מוטער האט אויסגעלאזט מיט א הויך גארענדיג לאכען:

„דו דארפסט דאך גאר אנרע־ש פרעגען! נאריש קינד!"

אלטעריל צולאכט זיך אויך: „איך האב מיך טועה געווען. איך דארף דאך אנדערש פרעגען!" די שוועסטערליך צולאכען זיך נאך העכער: „דו דא־פסט דאך גאר אנדערש פ'־עגען!"

אלע לאכען און לאכען, ביז זיי פערקייכען זיך... און פער־לירען די קעפ אונטערן טיש..

נאר ווען זיי האבען זיך אויסגעלאכט און אויפגעהויבען די קעפ, האבען זיי דערזעהען, אז זיי האבען זיך אבגענארט: יעדער פ'ן זיי האט געוואלט יענעם אבנארען און איז גענארט געבליבען...

די רויטע אויגען מיט די נאסע באקען האבען זיי געמסר'ט...

יהודה שטיינבערג.

## אויפ׳ן פריהלינגס הימעל.

עס שפּיעלט זיך די זון אויפ׳ן בלאהליכען הימעל
אריבער די שטאדט מיט די מענשען;
עס קוקען איהר טויזענדער פענסטער אין פּנים
און לויכטען פאר שמחה און גלענצען.

עס לויכטען די טויזענדער פענסטער, אזוי ווי
מיט גאלדענע זונען בעהאנגען;
עס לויכט אויך דער טייך זיי אנטקעגען און שמייכעלט
דורך טויזענדער שטראהלענדע שלאנגען.

די שטאדט מיט די מענשען, זי קוקט, ווי א נייע,
עס שיינען די גאסען און שאלען,
ערפּילט מיט בעוועגונג און פרעהליכע שטימען,
פערנאסען מיט ווארימע שטראהלען.

עס שיינט און עס ווארעמט, עס ריהרט און בעוועגט זיך
געשווינדער און שטאלצער דאס לעבען,
און טויזענדער מידע, פערפּייניגטע הערצער
ערוואכען צום האפען און שטרעבען.

עס שפּיעלט זיך די זון, און זי טאנצט, און זי ווארעמט,
און קוקט אזוי ליעבליך און מונטער,
און זעהט ניט, ווי פינסטער דער שרעקליכער וואלקען,
ער גנב׳עט פון הינטען זיך אונטער.

עס גנב׳עט זיך אונטער, דער פינסטערער וואלקען,
אין העסליכע פארמען און גליעדער,
אזוי ווי א ריזיגער שפּין, אומגעלומפּערט —
און ווארפט אויף די זון זיך אנידער.

און ס׳טראגט זיך מיט אימפּעט און פינסטער א שאטען
פון הימעל ביז דער ערד און פערשפּרייט זיך,
און ס׳טראגט זיך א שטויב און א שטורעם א ווילדער,
און עפּיס וואס שרעקליכעס גרייט זיך.

און ס׳צאפּעלט די זון זיך אין גרויזאמע לאפּעס,
אלץ שטארקער און בייזער בעפאלען,
און קוקט אזוי שמערצליך און בעטענד און עלענד,
מיט שוואכע, מיט דונקעלע שטראהלען.

פערשלונגען די זון האט אם ענדע דער וואלקען!
און ווייסט איז געבליבען דאס לעבען,
און עפּיס די גאנצע נאטור האט אזוי ווי
א פּלעצליכען שוידער געגעבען.

עס קוקען פערפינסטערט די טויזענדער פענסטער,
אזוי ווי פערייתומ׳ט און עלענד;
עס קייקעלט דער טייך זיינע חוואליעס, די מוטנע,
און בייז עפּיס מורמלענד און קוועלענד.

און טויטליך און קאלטליך אנ׳אומעט א שווערער,
עס דריקט אויף די שטאדט מיט די מענשען;
און ס׳דוכט זיך, די פינסטערע קראפט, די גוואלטיגע,
זי ווייסט ניט קיין אבהאנג און גרענצען.

און ס׳דוכט זיך, אט — אט און זי לאזט זיך ארונטער,
געדיכט אויף די וועלט, און זי לעגט זיך.
די וועלט א פערשטיקטע, זי שרעקט זיך און קרעכצעט,
און ווייקט זיך אין טרעהרען און ווייקט זיך.

א. וואלט.

---

## סדר־נאכט אין בערלין.

(די ערא ינערונגען פון א סטודענט).

פון ר. ברייני ן.

דאס איז געווען די ערשטע סדר־נאכט אין בערלין. איך האב געוואהנט אויף דעם פֿיערטען שטאק ביי א אלטער דייטשקע, נאהענט פֿון דער שטאדט־באהן. יעדעס מאל, ווען דער צוג איז פֿארבייגעלאָפֿען, האט ביי מיר אלעס אין צימער געציטערט, געטרייסעלט זיך און אונטערגעטאנצט. און דער צוג איז אלע 2 מינוטען, אדער אלע מינוט, אהין אדער אהער געלאפֿען מיט אימפּעט. דאס איינציגע פֿענסטער פֿון מיין ניט־גרויסען צימער איז ארויס צום הויף. דורך די בעלייכטענע פֿענסטער פֿון די וואהנונגען האב איך געזעהען, ווי די ארימע ארבייטער־פֿאמיליען זיצען ארום די לאמפּען און פארקען זיך, יעדערער מיט א בעזונדערער ארבייט מיט געדולד ווי א מאשינע. איך בין דאן געווען פֿאר די לעצטע עקזאמענס. איך האב שטודירט מעדיצין. נאהענט פֿון מיין ארבייטס־טיש איז געשטאנען א מענשליכער סקעלעט, וועלכען איך האב געליהען ביי א פֿיינד. איך האב אויף איהם אפּט געצעהלט די טרוקענע ביינער, וועלכע זענען געווען שמוציג פֿון פֿיעלע פֿינגער, וואס האבען זיי בעטאפּט. די צוויי שווארצע לעכער אונטער דעם שטערן ביי דעם סקעלעט, וואו עס זענען געווען פֿריהער אויגען, האבען אין דער דאזיגער נאכט מיך בעזונדערס אנגעקוקט. איך בין מיעד און מאט געווען פֿון לערנען און חזר׳ן. איך האב אוועקגעווארפֿען מיט פֿערדרוס די אנאטאמיע. איך האב זיך אוועקגעווארפֿען אין א עק פֿון סאפֿע און צוגעמאכט די אויגען, איך האב געוואלט אפּאר מינוט אויסרוהען אין אזא צושטאנד, נאכהער ווייטער נעהמען זיך פֿאר דאס בוך און פֿאר דעם סקעלעט. אין צימער איז געווען שטיל. איך האב נור געהערט דעם טיק־טאק פֿון אלטען זייגער, וועלכער האט געחריפּעט און געסקריפּעט, און ווי די ווירטהין מיינע, אין אנדער צימער, האט געקייט דאס עסען מיט איהר אלטען מויל אהן ציינער. זי איז געווען שוין אויך כמעט ווי א טרוקענער סקעלעט, נור די דאנה וועגען דירה־געלד, ווען זי וועט לעבען, און

קבורה־געלד, ווען זי וועט שטארבען, האט איהר נאך אביסיל אויף די פיס געהאלטען, דער סקעלעט ביי מיר אין צימער האט, לכל־הפחות, א מעלה געהאט: ער האט געשוויגען, און מיט די לעכער־דיגע אויגען האט ער רוהיג געקוקט אויף אלץ, וואס איך האב גע־מאכט. דער נאך לעבעדיגער סקעלעט, מיין ווירטהין, פלעגט שטארק בורצען מיט איהר מויל אהן צייהנער, ווען א פריינד — א סטודענט האט מיך אמאל בעזוכט. בעזונדערס איז געוועזען פון איהר ניט אויס־צוהאלטען, ווען עס פלעגט מיך בעזוכען א סטודענטקע, אדער א קאנסערוואטאריסקע, בכלל א ווייבליכע פערזאן. זי איז געוועזען פול מיט חשדים נעגען יונגע לייט, און האט זיי ניט געגלויבט אויף איין האר. זי האט געוואלט האלטען, ווי זי פלעגט זאגען, ריין איהר הויז. צוליעב דער בורטשאדלע האבען מיך אויפגעהערט מיינע פריינד און פריינדינען צו בעזוכען.

עס איז מיר שווער געוועזען אויפ׳ן הארצען, עפיס אומעדיג. איך האב מיך מיט האסט פלוצלינג אויפגעהויבען פון סאפע און גענומען שפרייזען מיט גרויסע טריט איבערן צימער, וועלכעס איז געוועזען שמאל און לאנג. שפרייזענדיג איז געפאלען מיין בליק אויף דעם בריעף, וואס איז געלעגען צווישען די ביכער און צייטונגען אויף דעם טיש. איך האב זיך דערמאנט, דאס איך האב איהם נאך ניט דורכגעלעזען ווי געהעריג, חאטש ער איז נאך גאנץ פריה אנגעקומען. מיין קאפ איז געוועזען אזוי פערנומען מיט דער באצילען־לעהרע, מיט די קליינע, געפעהרליכע מזיקים, פון וועלכע עס היינגט אב פיעל מאל דאס מענשליכע לעבען. דער בריעף איז געוועזען פון מיינע עלטערן, וועלכע לעבען אין א קליין שטעדטיל אין דער ליטא.

איך האב גענומען דעם בריעף לעזען איבער א נייס. ער איז געוועזען פול ליעבע, צערטליבקייט און זארג וועגען מיר. דער בריעף האט זיך געענדיגט מיט די דאזיגע ווערטער: „...מיר האבען, ליעבער זוהן, גענוג צער, וואס דו קאנסט ניט קומען אויף יום־טוב. עס וועט ביי אונז זיין א פערשטערטער סדר. שוין אכט פסח׳ן זענען מיר אהן דיר, טייערעס קינד, צו די סדרים געזעסען. גענוג טרעהרען וועלען מיר פערגיסען, וואס דו ביזט ניט מיט אונז. גענוג וועט דיר שוין זיין צו שטודירען, אונזער דאקטאר האט א העלפט פון דיר אויך ניט גע־שטודירט. אלץ האט דאך א עק, א סוף, און דיין לערנען איז גאר אהן א סוף. גאט זאל אויף דיר רחמנות האבען און זאל דיך בשלום אריבערטראגען די עקזאמענס, און לאז שוין זיין אלץ מיט מזל און ברכה. דייגע עלטערן, וואס ווינשען דיר א כשר׳ן, א פריהליכען פסח...״

און איך האב גאר פערגעסען, דאס היינט איז דער ערשטער סדר. מיין צימער איז מיר אונטערטרעגליך געווארען. איך האב גיך זיך אנגעטהון, און בין אראבגעלאפען די טרעפ. וואוהי׳ן אייגענטליך בין איך געלאפען, האב איך אויך ניט געוואוסט. איך האב געוואלט אויסזוכען א בעקאנטע פאמיליע, וואו מען ריכט אב א סדר, אבער עס איז מיר ניט איינגעפאלען אזא פאמיליע. די גאנצע צייט, וואס איך האב שטודירט אין בערלין, האט מיר, דעם אמת זאגענדיג, דער סדר ניט געפעהלט, דאס הייסט, איך האב ניט געביינקט נאך איהם. די לעצטע יאהרען פאר מיין אוועקפאהרען פון די עלטערנ׳ס הויז האט מיר דער פסח, צווישען אונז רעדענדיג, ניט וועניג דערעסען. עס איז גאר קיין לייכטע זאך געוועזען איסצושטעהן און איסצוהאלטען דעם גאנצען שטרענגען, שווערען פסח־רעזשים, ווי די ליעבע עלטערן האבען איהם איינגעפיהרט ביי זיך אין הויז.

איצט האט מיר עפיס אלעס גאנץ אנדערש אויסגעזעהען. עס האט אין מיר עפיס פלוצלינג אלעס זיך אומגעדרעהט, איבערגעקעהרט. עס איז מיר אזש נור הייס געווארען. איך האב זיך צוגעזעצט אויף א באנק נאהענט פון שטאדט־באהנהויף סאווינען־פלאטץ. דער הימעל איז געוועזען אויסגעשטערנט. אויבען דארטען, וואו די בלויע דעקע איז בעשפריצט מיט די פונקעלדיגע זילבערנע פינטליך, איז געוועזען שטיל, רוהיג. אונטען אבער, וואו איך בין געזעסען, האט געקאכט. די ציגע זענען ווי די טייוולאנים געלאפען אהין און אהער, יעדער צוג מיט אכט בעלייכטעטע וואגאנען. פון באהנהויף זענען אלע פאר מינוטען מענשען קופקעסווייז ארויסגעשטרעמט און פרישע — אריינגעגאנגען. געגען מיין באנק, וואו איך בין געזעסען, איז געשטאנען דאס קליי־דער־מאגאזין פון דעם הערר לעווי, און דאס קויפהויז פון הערר כהן. ביידע זענען געוועזען שטארק עלעקטריש בעלייכטעט, און די אויס־שטעלונגען פון זייערע פענסטער זענען געוועזען קליינע עלעקטרישע לעמפליך פערשטעקט אונטער געקינסטעלע בלומען. אלע ארט הויזען, שלייקעס, קראיואטען, מאנישקעס, קראגענס, אלע ארט צאצ־קעליך און פינטערפליושקעס האבען ארויסגעקוקט מיט העזה פון די גרויסע שויבען, וואו הויפענס מענשען זענען געשטאנען און זיך צו־געקוקט. פון די בעלייכטעטע העלע פענסטער האב איך געזעהען, דאס די צוויי יודישע מ׳גאזינען זענען געשטאפט מיט קונים. עס איז דער אנהויב פון זומער סעזאן, דער עולם קויפט לוסטיג. עס איז ניט אין דער ליטא. דא איז מען טאקי פיעל פערמעגליכער, רייכער. די מטבע איז ניט אזא זעלטענהייט ווי אין אונזערע שטעדט, און דא קוקט טאקי דער עולם מעהר אויף בגדים, מען קליידעט זיך נאך דער צייט, און נאך דער מאדע. הערר לעווי און הערר כהן, איך זעה זייערע געזיכטער פון די פענסטער, זענען איצט מעהר בעשעפטיגט, זייערע אבגעגעסענע, פערשמאלצטע, אבגעגאלטע פנימ׳ער, מיט די אויסגעבייגענע גרויסע, פליישיגע נעזער, זענען איצט בערעקט מיט שוויס. זיי זענען איצט זעהר צופרידען, זיי פרעגלען זיך גאר פון נחת, און ווייזען זייערע קונים א זיסע, ליבענסווירדיגע מינע. זיי ליגט גאר ניט אין דער לינקער פיאטא, דאס איצט איז דער ערשטער סדר. קיינער פון זיי טראכט גאר ניט איבער דעם נס פון יציאת־מצרים. זיי קלערען פיעל מעהר ווי צו פערגרעסערען זייערע געשעפטען און ווי צו קאנקורירען מיט ווערטהיימער און טיץ. נעבען מיר, אויף דעם פרייען פלאטץ, האבען א מאסע קינדער געשפיעלט. עס איז געוועזען א שענער וועטער, די לופט ווארים און ווייך, אונטער זיי פיעל יודי־שע קינדער. איך האב זיי דערקאנט נאך זייערע שווארצע געגרייזעל־טע האהר, נאך זייערע לעבעדיגע, פיעל שפרעכענדע אויגליך און נאך די האסטיגע בעוועגונגען. די אלע קינדער, די קריסטליכע און די יו־דישע, האבען אלע צוזאמען געזונגען: „דייטשלאנד, דייטשלאנד אי־בער אלעס״ און דאס קינדער־ליעד: „דארן-רעזכען וואר איין גיטעס קינד...״ און אזוי ווייטער...

וואו פיער קשיות, ווען פיער קשיות! קיין הגדה, קיין סדר, קיין נסים, קיין יום־טוב. מיר איז קאלט געווארען. איך בין אריינגעגאנגען אין דאס נאהנטסטע קאפע־הויז. איך האב דארטען געפינען זעהר

פיעל רוסיש־יודישע סטודענטען (זיי וואהנען אין דער געגענד מאסקווייז). א נעפילדער, א געשריי. מיינע קאלעגען בעשפרעכען לויט, ווי זייער מנהג איז, די גבורות פון די בורען, ריהמען זייער ליעבע צו פרייהייט, אנדערע פון מיינע קאלעגען אמפערן זיך, ווער איז גרעסער: טשעהאוו אדער גארקי. אין א ווינקעל זענען געזעסען רוסיש־יודישע סטודענטען און האבען מיט גרויס התפעלות איבערגעקייט די לעצטע דערע פון קלארא צעטקין און געמאכט אויף איהר פרושים. קיינעם פון זיי איז אויפ׳ן זינען ניט ארויף, אז איצט זיצען אלע גלויבינגע יודען, אויך זייערע עלטערן, צום ערשטען סדר און דערצעהלען דעם נס פון יציאת־מצרים. עס איז דא אזוי וואכעדיג, אזוי פראזאאיש און אלטעגליך, דאס עס איז צום דערשטיקען. אייביג די ויכוחים אהן א ברעג, ויכוחים איבער זאכען, וועלכע אין גרונד גענומען נעהט זיי וועניג אן. עס איז מיר שוין עקעל געווארען הערענדיג דאס שטענדיגע אמפערן זיך איבער די גאולה פאר די מענשהייט. יעדערער פון זיי שרייט, און היצט זיך, — חאטש דאס הארץ איז קאלט, — ווי זאל מען ברענגען די גאולה, און וועלכע גאולה איז בעסער. א אינבעקאנטער קאן באמת גלויבען, אז אט אט איז אלץ פארטיג: די גאולה פאר די גאנצער מענשהייט קומט מארגען, מארגען גאנץ בעשטימט פון זייערע הענד טאקי אליין. עס איז נור די קליינע מניעה, דאס טודרוס האצמאך און פייטיל קלאצמאן טראכטען עטוואס אנדערש. עס איז זעהר מעגליך, דאס עס זענען פארהאן דא אין קאפע־הויז אויך אפאר סטודענטען און סטודענטינען, וועלכע בייינקען שטילערהייט נאך דעם סדר, נאך דאס עלטערנס הויז, אבער זיי שעמען זיך צו רעדען דערפון, מען זאל זיי ניט אויסלאכען. אויך מיר א יום־טוב, דאס די יודען זענען אויסגעלייזט געווארען פון דער קנאכטשאפט אין מצרים! א יום־טוב וועט זיין, ווען אלע, די גאנצע מענשהייט וועט פריי ווערען, און דאן וועט איבערהויפט קיין סימן פין יודען ניט זיין.

גרויסע שענע טרוימען, אבער ווי קליין, ווי ארים די טרוימער זענען. די טרוימער זענען צו ניכטער, צו פראקטיש און ערוואכען גיך. דער אמת איז, דאס זיי זאגען נור דאס זיי טרוימען, אבער דאס איז ניט זייער חלום. זיי דאכט זיך נור דאס זיי טרוימען.

פערטיעפט אין אזעלכע טרויעריגע געדאנקען האב איך זיך פעררוקט אין א ווינקעל. גענומען א נומער פון דער „נייער פרייער פרעססע" און פערדעקט מיין פנים. פון אלע ארטיקלען איז מיר אויפגעפאלען א פעלעטאן פון ד״ר הערצל: „די צוקונפט". איך ווייס ניט ווי, אבער עס איז געווען אין מיינע געדאנקען א געוויסער צוזאמענהאנג צווישען דעם נס פון יציאת מצרים און צווישען דעם ד״ר הערצל, וועלכער איז מיר געווען בעקאנט אלס פרעזידענט פון די ציוניסטישע קאנגרעסען.

איך האב אבער גענגען מיין ווילען אויף קיין אופן ניט געקענט לעזען דעם פעלעטאן „די צוקונפט". איך האב זיך פערזונקען אין ערינערונגען. עס איז לעבעדיג געווארען אין מיין זכרון א סדר-נאכט אין מיינע קינדערשע יאהרען ביי די עלטערן אין הויז:

ריין און ציכטיג, חיות און פערגניגען איז געווען אין אלע ווינקעליך. אלעס איז געווען אויסגעפוצט, אויסגעשייערט און אלעס האט געפונקעלט ווי שפאנעל ניי. אומעטום פרישע, ווייסע וועש, נייע כלים און אויף אלעמען נייע קליידער. דער שניידער האט זיי געבראכט א האלבע שעה פאר ליכט בענטשען. אין הארצען, טיעף אין דער זעלע, איז אויך געווען עפיס אלעס ניי, אלעס פריש, קלאר, ליכטיג, ווי די זיעבען ליכט און די אויסגעשייערטע מעסענע לייכטער, וועלכע זענען געשטאנען אויף דעם שניי־ווייס געדעקטען טיש. דער פאטער — א מלך, די מוטער — א מלכה. און איך בין געווען אין מיינע אויגען א עכטער פרינציל, א גאנצער בן־מלך. איך האב געפיהלט מיט אלע גליעדער, מיט אלע נערוועז, דאס איך בין פריי ווי א פריי פייגילע: קיין מלמד, קיין חדר, קיין יאך. איך און דער פאטער זיצען מיר זיך ווי די מלכים אנגעשפארט אויף ווייכע, ווארימע, ווייס בעדעקטע קישען. די געמאלטע און בעגולדעטע כוסות, גרויסע און קליינע, זענען אנגעפילט מיט רויטען וויין. דער פאטער, אין א ווייסען, ברייטען קיטיל, מאכט קדוש מיט א קלינגענדיגען, זינגענדינען קול, עפיס מיט ברייטקייט און שטאלץ. געלאסען און זיס בעטאנט ער די ווערטער: „אשר בחר בנו מכל עם ורוממנו מכל לשון". און איך פרעה מיך אין הארצען און האב שטארק הנאה, וואס איך בין געבארען א יוד.

ווי שען, ווי פראכטפאל האבען אויסגעזעהען אין מיינע אייגען די טעלער מיט די צוגעדעקטע מצות! ווי געהיימניספאל די גאנצע צערעמאניע! דאס איי, דער מרור, די זרוע, דאס כרפס, הרסת און חזרת זענען געווען אין מיינע אויגען סימבאלען, רמזים. דאס איז געווען אין מיינע אויגען ניט אבי גלאט א איי, סתם מרור אדער כרפס. ניין, יעדע זאך דערפין האט אויף עפיס מרמז געווען און געהאט א טיעפע בעדייטונג. אויסער דעם פראסטען פשט האט עס אויך א סוד געהאט.

עס ווערט שטיל ביי׳ן טיש. דער פאטער זיצט ערנסט. די מוטער שיינט פון נחת און קוקט אויף מיר מיט גלענצענדע אויגען. איך זעה, איך פיהל, דאס איהר ווילט זיך מיר א קוש געבען, נאר מיט גרויס מיהע ערשטיקט זי אין זיך דעם קוש, וואס רייסט זיך ארויס פון איהרע ליפען. און איך פרעג מיט א הילכעדיגען קול־כיל די פיער קשיות: מה נשתנה הלילה הזה...

און דער פאטער ענטפערט מיט ערנסט: „עבדים היינו..." פונקט ווי ער האט מיינע פיער קשיות צום ערשטען מאל געהערט, גאר אונערוואַרטעט און פונקט ווי ער ענטפערט מיר אויף א תירוץ, וואס איז איהם איצט איינגעפאלען. אך, ווי גליקליך האב איך מיך געפיהלט, דאס גאט האט אונז ארויסגעצויגען פון מצרים „מיט א שטארקער האנד און מיט א אויסגעשטרעקטעם ארים". ווען ניט דער עוויגער, וואלט איך דאך נאך איצט אויך געווען א קנעכט אין מצרים, געשלעפט לייהם און ציגעל און צו פערבייסען נאך געקראגען קלעפ פון די שוטרי מצרים אויף וואס די וועלט שטעהט.

איך דערמאן מיך וויפיעל פרייד, פערגעניגען און התפעלות האב איך געשעפט פון דער מעשה מיט רבי אלעזר בן עזריה. ער איז געווען אלט סך הכל אין גאנצען 18 יאהר, ווען מען האט איהם אויפגענומען פאר א נשיא. און ווייל יעדערער האט דאך געקענט לאכען און זאגען: „אויך מיר א נשיא, א יונג בחור׳יל", האט גאט געמאכט א נס. און אין איין נאכט איז ביי איהם אויסגעוואקסען א לאנגע ווייסע בארד, און ער האט אויסגעזעהען ווי זיבציג יאהר. דערפאר שטעהט: „הרי אני כבן שבעים שנה", איך זעה נור אויס ווי 70

יאהר, אבער אין גאנצען בין איך 18 יאהר. אך ווי מיר האט זיך געוואלט אזא נס: אין איין נאכט זאל ביי מיר אויסוואקסען א לאנגע בארד. עפּיס א מחיה האבען א לאנגע ווייסע בארד.

מיר האלטען אין דער הגדה ביי די ארבעה־בנים. ווי איך קום צו דעם ו„רשע מה הוא אומר"... הויבט זיך ביי מיר דער קינדערשער קולאק. עס ווילט זיך מיר אויסברעכען דעם רשע די צייהנער. אך דו, רשע איינער, דו מנוול, וואס איז דאס פאר א מין לשון: „מה העבודה הזאת לכם?" וואס הייסט דאס „לכם"? און דו, ליידאק, ביזטו דען קיין יוד ניט? איך בין מלא־חימה, איך וואלט איהם אין שטיקער צורייסען.

אבער מיין קינדערשער כעס ווערט גיך פערוואנדעלט אין לאַכען: איך האלט שוין ביי'ן „ושאינו יודע לשאול". אט איז א מין לעמעשקע, א מין חמור. ער ווייס גאר נארנישט, פרעג איהם בחרם וואס איז פסח. איך מאל מיר איהם אויס מיט א אפענעם מויל, מיט גולם'שע אויגען און מיט לאנגע אויערן, פונקט ווי חנ'קע לויבעס.

אך, מיט וואס פאר א טעם, ווי נאאיוו און אונשולדיג האב איך געצעהלט מיט דעם פאטער די חסדים, וואס גאט האט מיט אונז גע־טהון, און נאך יעדער טובה, מיט פרייד אויסגערופען „דיינו!"

עפּיס נאר א קלייניגקייט: גאט האט דעם ים געשפּאלטען פאר אונז, און מיר געהען אריבער אין דער טריקעניש. דאס איז געווען אין מיינע אויגען אזוי, ווי איך אליין וואלט אריבערגעגאנגען דעם ים. אויך מיר א קונץ ביי גאט דעם ים צושפּאלטען... איך זעה ווי פרעה און זיינע רייטער ווילען אונז חאפּען און ווי זיי לויפען מיט אימפעט נאך אונז... און דא – טוק: דער ים קעהרט זיך אום, און זיי אלע: — איך... עפּיס גיט מיר א שטאך אין הארצען, עפּיס א רחמנות. דאך מענשען. איך פערטרייב מיט גוואלד דאס שרעקליכע בילד פון מיינע קינדערשע אויגען.

איך פרעה מיך שוין, ווי די ודען האבען 40 יאהר אין דעם מדבר מיט איין מן געלעבט. מ'איז אויפגעשטאנען פריה און מען האט דעם מן פארטיג געפונען אויפ'ן פעלד, און וואס פאר טעם מ'האט געוואלט האט מען געפיהלט אין דעם מן. קליידער, שיך האט מען ניט בעדארפט נייען, ווארום 40 יאהר האבען זיי זיך גאנץ געהאלטען, ניט געריסען זיך און ניט צופוילט. עס איז געווען א לעבען, קיין זארג, קיין קאפּדרעהעניש און מ'האט ניט געדארפט ווי דער פאטער איצט זוכען די חיונה, און נייען מיר אלע ווילע שיך און הויזען.

דאס איז נאך ווענינ געווען, האט אונז גאט געשיינקט נאך זיין בעסטע מתנה, דעם הייליגען שבת, א קלייניגקייט שבת מיט אלע זיינע פערגעניגונגען.

שבת...

עס קומט מיר איצט, אין בערלין, פאר דער הייליגער שבת ווי א לאנג פערשוואונדענער זיסער חלום, ווי א אויסגעדארטע, אויסגע־טרוקענטע בלום, וועלכע האט פערלארען איהר פארם, איהר פארב, און איהר ריח...

ווייטער: ווען גאט וואלט אונז נור דעם שבת אליין געגעבען, איז דאך שוין אויך דיינו, האט ער אונז נאך די תורה געגעבען... איך האב זיך דאן אלס קינד גאר ניט געקענט פארשטעלען, ווי וואלטען מיר געלעבט, ווי וואלט מען איבערהויפּט געקאנט עקסעסטירען אהן די תורה. ווי איך קאן מיר זיך איצט ניט פארשטעלען, דאס מען קאן לעבען אהן לונג און לעבער.

איך דערמאן מיך, ווי נעגען האלבע נאכט פלעגט מען עפענען די טיהר פאר אליהו־הנביא, און דער פאטער פלעגט זיך בכבוד אויפ־הויבען און אויסרופען א ברייטען „ברוך־הבא!" אמת, איך האב אליהו הנביא מיט די אויגען ניט געזעהען, אבער דאך האב איך געפיהלט מיט אלע אברים, דאס ער געהט אריין אין שטוב, דאס זיין לאנגע ווייסע ווייכע בארד ריהרט אן דעם טיש, וואו ער נעמט זיין כוס. איך האב געפיהלט זיין ליעבען, ווייכען, מילדען בליק, וואס פאלט אויף מיר פון זיינע שטראהלענדע קלארע אויגען. א אנגענעהמער שויער פלעגט דורכלויפען און זיך פונאנדערגי'סען אין אלע גליעדער. איך פלעג פיהלען ווי אליהו־הנביא ברייננט מיט זיך אין שטוב דעם אטהעם פון א גאנץ אנדער וועלט, פון א פיעל בעסערער, ריינערער און הייליגערער, פון א וועלט, וואו עס ועגען נור מלאכים, נשמות אהן קערפער און א אייבינ געזאנג.

אך ווי שטארק איך האב דאן אין אלעם געגלויבט. אך וואס פאר א שענע, וואונדערבארע, צויבערהאפטע סדר־נאכט דאס איז גע־ווען אין די קינדער־יאהרען!

איך האב זיך פלוצלינג ערוואכט פון מיינע עראינערונגען. איינער פון מיינע קאלעגען איז צו מיר צוגעגאנגען און האט מיך געפרעגט, ווען געה איך צו די לעצטע עקזאמענס. איך האב זיך דערמאנט, דאס מארגען איז עקזאמען, דער יום־הדין. און איך זיץ דא אין קאפע־הויז. איך האב געחאפּט מיין הוט, און בין גיך ארויסגעלאפען.

די גאנצע שטערן־וועלט האט מיר דרויסען אויסגעוויזען ווי א סקעלעט. א סקעלעט פון שטערן אהן לעבען, אהן זעלע. מיין הימעל איז לעער געווארען, גאט איז פערשוואונדען. איך האב איהם געוואלט זוכען, ענטדעקען איהם. איך האב געפיהלט, ווי שווער עס איז צו לעבען אהן גאט, אהן מלאכים, אהן אליהו־הנביא, אהן וואונדער, אהן א תנ"ך אין צימער. געהענדינ אין גאס, האב איך געזעהען, ווי די שטערן פאלען עפּיס גיך אין א טיעפען אבגרונד פון פינסטערניש. וואוהין פאלען זיי? וואס איז דער צוועק פון דעם משוגע נעם שטערן־טאנץ. וואס וועט זיין, ווען דער גרויסער וועלט־סקעלעט וועט צושאַ־טען ווערען, די זון וועט פערלאשען ווערען? ניין, עס מוז דאך געבען א נשמה אין דער וועלט. מיט אפּאר מינוטען האב איך זי, דאכט זיך, געפיהלט... איך האב זי ווייטער געוואלט פיהלען, אבער איין געדאנק האט מיר קיין רוהע ניט געגעבען און געטוויט אין מיר אלע אנדערע געדאנקען.

דער געדאנק איז געווען: מארגען איז עקזאמען, און איך ווייס נאך ווענינ וועגען די באצילען...

---

## מיט מיין יונגעלע אין גאס.

דאס וועטער איז ליעבליך, איך געה מיר אין גאס,
מיט מיר געהט מיין יונגעלע, קרייענקליך און בלאס
און געהענדיג זעהט ער דארט פרוכט אלעריי,

און שטעלט אוים די הענטליך און ווייזט מיר אויף זיי.
ער ציהט זיך אהין, וואו עס ליגען די פרוכט.
אנ׳עפעלע, נעביך, ווי וואלט ער פערזוכט!
עס חלשט דאס הערציל, עס ברעכט, נעביך, שיער,
ער קוקט אויף די פרוכטען מיט וועה און אויף מיר.
א, קינד מיינס! איך וויים, וואס ער וויל, וואס איהם פעהלט,
דאך ניין, ניט פאר אונז איז די פרוכט פון דער וועלט.

מיר געהען זיך ווייטער. מיין יונגעלע שוואך
זעהט ווידער א פענסטער מיט צאצקעס א סך.
ער קוקט אויף די גליקען מיט קינדערשען חן,
און קוקט מיר אין פנים, צי וויים איך זיין מיין.
ער פלוידערט, ער פלאפעלט, ער וויינט און ער לאכט
און שלעפט מיך דערוויילע צום פענסטער ביי׳זאכט.
ער שלעפט מיך צום פענסטער; איך וויים, וואס ער וויל!
— איך וויים, און עס ברעכט מיר דאס הארץ אין דער שטיל —
א צאצקעלע, נעביך; דאס קינד איז געקוועלט,
דאך ניין, ניט פאר אונז האט די צאצקעס די וועלט.

זייט דאמאלס האב איך מיר מיט וועהטאג און כעס
פערשווארען, מיין קינד ניט צו נעהמען אין גאס.
ער בעט זיך און רייסט זיך צו מיר: „מיט׳ן פא!"
עס ריהרט מיך, דאך ענטפער איך טרויעריג: „שא!"
איך היים איהם זיין שטיל, און איך פיהל, איך פערגעה,
אנ׳עופעהלע, נעביך, געערגערט, ווי וועה,
ווי ביטער און וועה איז עס מיר און ווי ווינד,
צו זעהען און צו פיהלען דעם צער פון מיין קינד,
און דאך מיט א קול האלב דערשטיקט פון געוויין
איהם ענטפערן „שא" און אוועקגעהן אליין.

מארים ראזענפעלד.

---

## אהיים.

### I.

זבולון מאיר געדענקט נאך פון דער היים דעם באבעס קאסטען, וואס שטעהט צווישען דעם טאטענס און דער מאמעס בעט. דארט פלעגט זיך זבולון מאיר בעהאלטען, ווען דער פאטער האט איהם געוואלט שלאגען. מיט שרעק פלעגט ער ארויסקוקען פון דארט אויף דעם שפינ־בעוועבטען באלקען און אויף דאס קליינע פיערעקענדיג פענסטעריל מיט די צובראכענע שויבען, וועלכע זענען מיט א אלט טוך פערדעקט — ער געדיינקט, ווי די טראלטען פון דעם טוך זענען ווינטער פערפרארען אין דעם אייז, וואס ליגט ארום די רעהמען. אויף דעם טוך ליגט דאס לאקשענברעט, כדי דער ווינד זאל דאס טוך נישט אוועקשארען.

די מאמע איז קיינמאל אין דער היים נישט געוועזן — א וועשין איז זי, פלעגט זי תמיד פריה אוועקגעהן צו דער ארבייט, איידער זבולון מאיר האט נאך די אויגען געעפענט, און אויף דער נאכט קומט זי תמיד אהיים זעהר מיעד, זיצט אויפ׳ן בעט און עטהעמט שווער. זבולון מאיר פלעגט זיך צו איהר צורוקען, גלעטען זי, ציהען ביי דער שירץ, און שטום קוקען אויף איהר. טהיילמאל ענטפער׳ט איהם די מוטער, מיט א ליבליבען בליק אב, זי גיט איהם צוריק א גלעט מיט דער האנד אויף זיין באק; טהייל מאל אבער, אז זי איז געוועזן שלעכט אויפגעלעגטן שטופט זי איהם פון זיך אוועק, און לעגט זיך שלאפען.

געקאכט האט די באבע, און מיט איהר קריגט ער זיך תמיד. זי פערמסר׳ט איהם פאר דעם פאטער, אז ער וויל איהר קיין וואסער נישט ברייננגען, א בינטיל האלץ צוהאקען אדער אין אזוי א שליחות געהן.

ביז אכט יאהר איז זבולון מאיר ביי׳ם פאטער געוועזן, און האט צוליעב געגומען דעם פאטערס קלעפ, די באבעס שילטען, פאר דעם ברויט מיט די קארטאפלעס, וואס ער פלעגט אין דער שטיל, ווי א הונד, אוועקגנב׳נען.

הויבט די זון אן צו שיקען דורך דאס קליינע פענסטעריל איהרע ווארימע שטראהלען נאך דעם לאנגען, טרויעריגען און וויסטען ווינטער, ווייס אויך זבולון מאיר, אז דער זומער איז געקומען, לאזט ער זיך אין דער שטיל פון שטוב ארוים און קומט אין גאס אריין. ער זעהט זיך מיט וועלוויל באק, ליביל פשאריק, וועלכע פלעגען נאכלויפען נאך פוהרען קוילען און ארבכהאפען שטיקער קויל. ליביל פשאריק האט געהאט א אינטערגעשלאגען אויג פון א שטארקען שמיץ, וואס א פוהרמאן האט איהם געגעבען מיט דער בייטש.

זיי האבען זיך מיט איהם שטארק געפרעהט. זיי האבען איהם געקענט נאך פון דעם פאריאהריגען זומער, האבען זיי איהם מיטגענומען און ארומגעשלעפט מיט זיך א האלבען טאג. עס האט איהם זיך אויך איינגעגעבען ארבצוהאפען א שטיק קויל. — ער האט דאס צוגעלענט צו זייערע שטיקער קוילען, וועלכע זיי האבען בעהאלטען הינטער דער בריק, וואס איז אויף דעם קראשענוויצער וועג. זבולון מאיר׳ן האבען זי איבער געלאזט, אז ער זאל אכטונג געבען אויף די קוילען — דערפאר האבען זיי איהם צוגעזאגט א חלק אין פערקויף; — און זיי האבען זיך ווייטער נאך די פוהרען נאכגעלאזט.

דערנאך זענען זיי די קוילען געגאנגען פערקויפען, קריגען זיי דריי גילדען, זבולון מאיר בעקומט צעהן קאפיקעס פאר זיין טהייל און איז גליקליך.

קומט ער אהיים. די באבע פאלט אויף איהם אן:

— שמד׳ניק, א קרינק זאל דיך חאפען, וואו ביסט דו געוועזן א גאנצען טאג?

— עסען גיב מיר, — ענטפערט ער איהר אב.

— קריינק וועל איך דיר געבען, — בעקומט ער א׳ג׳ענטפער.

און זבולון מאיר לאזט זיך צו צום שענקיל און חאפט זיך צום ברויט, די אלטע וויל עס איהם ארויסרייסען, ער גיט איהר א שטופ, זי פאלט אום, און הויבט אן שרייען.

— אויף טויזענד שאק כפ־ות דארף איך אייך שוין — האט זבולון מאיר א געשריי געמהון, ארויסלויפענדיג פון שטוב.

אין גאס איז פרעהליך, די ליכטיגע זון שיינט — צעהן קאפיקעס האט ער אין קעשענע, און איהם איז גוט.

עס קומט אבער פאר נאכט, א קאלטער ווינד בלאזט.

— וואָהין געהט מען נעכטיגען? — טראַכט ער זיך, — אַהיים בשום אופן נישט.

נאָר באַלד טרעפט ער ליביל'ן מיט וועלוויל'ן. ער דערצעהלט זיי זיין זאָרג.

— א געשעפט האָסט דו, וועסט מיט מיר נעכטיגען אין בית־המדרש, — זאָגט צו איהם וועלוויל.—דער גאַנצער קאַסטען "שמות" איז מיין.

אין בית־המדרש האָט זיך זבולון מאיר'ן נישט נעגלוסט צו נעכ־טיגען, ער האָט מורא געהאַט, טאָמיר וועט דער פאָטער איהם דאָרט זוכען.

מיטגענומען האָט איהם ליביל מיט זיך אין ר' ישכר בער קצבי'ס שטאַל אַריין. ביי נאַכט איז עס געווען. זיי האָבען זיך דורך דעם טרוקענעם רונשטאָק הינטערן פלייט אַרונטערגעלאָזט, דערנאָך האָבען זיי ביידע אַרויפגעקלעטערט אויף דעם קליינעם פלייטיל, וואָס שטעהט ביים שטאַל; פון דאָרט האָבען זיי זיך אַריינגעחאַפּט אין א בוידעם־לאָך.

— האַלט דיך אָן אין דראָנג און לאָז דיך אַ־אַב,—שרייט צו איהם ליביל, זבולון מאיר איז אָבער נישט גוט געניט געווען, איז ער אַראָבגעפאַלען און האָט זיך צוקלאַפּט.

דאָך האָט ער גאָר נישט געשריען און איז געבליבען רוהיג ליגען.

— האָסט דיר א שטאַרקען קלאַפּ געגעבען, זבולון מאיר? — פרעגט איהם ליביל.

— דאַכט זיך א ביסל — ענטפערט אין דער שטיל זבולון מאיר.

— וואַרט, איך וועל דיר איהם איינקוועטשען, — זאָגט ליביל, און שפאַרט אַרויף אויף איהם זיין האַנד און קוועטשט זבולון מאיר'ן דעם שטערן.

— שוין געגוג, עס טהוט וועה — ענטפערט יענער.

— נאַ דיר א בינטיל היי, לייג דיך אויף יענער זייט, קאָרטשע איין די פיס, אַז דער אקס זאָל דיר קיין דרוק נישט געבען, — וואָרענט איהם זיין הבר.

זבולון מאיר איז געלעגען אויפ'ן בינטיל היי, וואָרימער איז איהם געווען אין שטאַל, ווי אין דער היים אין קעלער, און געקלערט האָט ער ביי זיך, פאַר וואָס ער איז שוין לאַנג אויף דעם פראָיעקט נישט גע־פאַלען.

אויף מאָרגען אין דער פריה האָט איהם אויפגעוועקט א עמער קאַלט־וואַסער, וואָס ישכר קצב האָט אויף זבולון מאיר'ן אַרויפגעגאָסען, ווען ער האָט איהם געפונען אין זיין שטאַל.

זבולון מאיר האַפּט זיך אויף, קוקט זיך אום, ווייסט נישט וואו ער איז. נאָר באַלד איז ער צו זיך געקומען, האָט זיך אויפגעהויבען און איז אַנטלויפען.

אַזוי האָט זיך זבולון מאיר אַרויסגעחאַפּט פון טאַטענס רשות און איז געוואָרען א גאַסען־יונג.

ער האָט גאַנץ גוט געוואוסט, אַז עס וועט נאָך איהם קיינער נישט בענקען. און אַז איצט איז ער איינער אַליין. אַריינטרעטענדיג אין לעבען, האָט זבולון מאיר אָנגעהויבען טראַכטען וועגען א תכלית אויף שפעטער. נאָכלויפענדיג נאָך די פוהר קוילען — קלערט ביי זיך זבולון מאיר, אַז דאָס איז קיין געשעפט נישט, אז מען מוז וועגען עפּיס אַנדערש קלערען.

און געפאַלען איז ער אויף א געדאַנק: ער וועט אַראָב צו דער באַהן און ווערען א פעקיל־טרעגער.

אויף די שמיטץ פון די בעלי־עגלות בייטשען און די קלעפּ פון דעם זשאַנדאַר'ים שווערט האָט ער נישט געקוקט — צו קלעפּ איז ער געוואָהנט געוואָרען פון זיין קינדהייט אָן.

און זבולון מאיר קומט אַראָב צום באַהנהויף. די בעלי־עגלות זענען איהם מכבד מיט דער בייטש — זבולון מאיר שטעהט אָבער און וויל נישט אָבטרעטען, ער רייסט אַרויס דאָס פעקיל פון פּאַסאַזשירס האַנד און לויפט פאַרויס אַהיים.

עס האָט נישט לאַנג געדויערט, די אַלטע פעקיל־טרעגער'ס זענען מיט איהם געוואָהנט געוואָרען, מיין זבולון מאיר האָט שוין אָנ־געהויבען אַליין אָוועקיאַגען פרישע, וואָס זענען אַראָבגעקומען צום באַהנהויף.

און זבולון מאיר האָט זיך געפיהלט גאַנץ צופרידען — טאַקי דאָס פערדינסט איז נישט זעהר גרויס — א גילדען א טאָג, נאָר אויף ברויט איז עס גענוג, און מען דאַרף פאַר קיינעם קיין מורא נישט האָבען.

נאָר קוקענדיג אויף די חברה שמייסער'ס — מיט זייערע לאַנגע שטיוועל, ווי זיי זיטצען פון פאָרינט, האַלטען די בייטשען און שמייסען די פערד — האָט זיך זבולון מאיר דורכאויס פערגלוסט צו ווערען א שמייסער.

א שמייסער, טראַכט ער ביי זיך, — איז עפּיס גאָר א אַנדער זאַך, איך פאָהר מיר, מען האַפּט א פארשווינדיל אונטערוועגס, מען פערדינט א פערציגער, א צוויי גילדענעם אַהן דעם בעל־הבית וויסען — עס אי גאָר איין אַנדער לעבען.

ווי אַזוי אָבער?

און זבולון מאיר האַפּט זיך דערווייל צו, צו נאַטע שאַכלינער'ס וואָגען, גלייך ווי נאַטע קומט נור צופאָהרען, זבולון מאיר איז שוין דאָ, העלפט די פערד אויסשפּאַנען, לויפט נאָך איין עמער וואַסער, נאָך א בינטיל היי, שיט אָן פאַר די פערד האָבער און ליגט אויפ'ן וואָגע ביז צו דעם צווייטען צוג.

די שמייסער'ס ווייסען זיין מיי, פריווען זיי איהם פעריאָגען מיט דער בייטש. עס העלפט אָבער גאָר נישט, זבולון מאיר נעמט אַלס צו־ליעב.

נאַטע פלעגט איהם דערפאַר ערלויבען מיט די פערד געהן צום וואַסער, באָדען זיי, אַמאָל אַליין איהם לאָזען צו דער באַהן אַראָב־פאָהרען...

אבער נישט דאָס מיינט זבולון מאיר.

דערווייל רוקט זיך אָבער צו דער ווינטער, דער הימעל איז פער־חמאָרעט, עס זענען נאָך אַנאַנד קאַלטע ווינטען, און די קעלט בלאָזט איהם אַריין דורך די לייכטע צוריסענע מלבושים. די שטיינער זענען געפראָרען, און די נאַקעטע פיס קענען אויף זיי נישט שטעהען. אמת,

די הויט פֿון די פֿיס איז זעהר דורכ'ן זומער פערגרעבט און פֿערשטיינערט געוואָרען אזוי, אַז נישט אזוי גרינג וואָלט אפילו אַ צוואָק פֿון דער וואַנד אָדער אַ שפּיצינגער שטיין פֿון דער ערד זי דורכגעלעכערט אָדער פֿערוואונדעט, אָבער דאָך איז עס מענשענפֿלייש און די שטיינער זענען געפֿראָרען.

שטעהט ער אויף דער גאַס, איין פֿוס האַלטענדיג אויף דעם צווייטען, און ציטערט פֿאַר קעלט.

אַהיים אָבער וויל ער בשום אופן נישט געהן. —

נאָר אַז עס איז געקומען דער ערשטער שניי, און ער האָט געזעהען, אַז עס איז קיין ברירה נישט דאָ, איז ער אַוועק אַהיים.

דער פֿאָטער זיינער איז אָבער שוין געוואָהנט געווען אָהן איהם, זבולון מאיר קען זיך זיין ברויט שוין אַליין פֿערדינען, האָט ער איהם ווייטער אין גאַס געשיקט, נאָר אויף דער נאַכט, ווען די מוטער איז אַהיים געקומען און האָט איהם געפֿונען ליגען אין הויז און וויינען — האָט זי איהם אין שטוב אַריינגענומען, אויסגעבעט איהם ביים אויווען, און גע־געבען איהם עסען.

אַ גאַנצע נאַכט האָט זי זיך מיט דעם מאַן געקריגט איבער איהם.

זבולון מאיר אָבער האָט שוין נישט געקענט אַריבערטראָגען דאָס אונטערטהעניגקייט... מען דאַרף זיך איבער איהם קריגען... ניין, האָט ער ביי זיך בעשטימט.

אויף מאָרגען איז זבולון מאיר אַראָב אין שניי צו דער באַהן. דערזעהענדיג נאָטען, איז ער צוגעגאַנגען צו איהם.

— ר' נאָטע, — האָט ער אָנגעהויבען — נעמט מיך מיט אין אייער שטעדטיל בחנם, נור בלויז פֿאַר עסען און נאַכטלעגער.

— איך ווייס נישט, אויב דו ביסט עס ווערט, — האָט נאָטע איהם געענטפֿערט.

זבולון מאיר האָט אויף איהם געקוקט.

— נאָר איך ווייס, — האָט אויסגעלאָזט נאָטע, קראַצענדיג זיך אין קאָפּ, — איך וועל פּריווען, פֿאָהר מיט.

זבולון מאיר האָט איהם גאָר נישט געענטפֿערט, נור געקוקט אויף איהם, געקוקט אויף די פֿערד און געשמייכעלט.

פֿאַר'ן אַוועקפֿאָהרען איז ער אַריין אין קעלער זיך געזעגענען. קומט ער אַריין און געפֿינט קיינעם נישט — און אויף אַ צוואָק אויפ'ן וואַנד הענגט אַ פּאָר שטיוועל.

זבולון מאיר קלערט עפּיס, און מיט האַרצקלאַפּונג חאַפּט ער די שטיוועל און לויפֿט אַרויס, מיטנעהמענדיג מיט זיך אויך דאָס אָנגעהויבענע ברויט, וואָס איז געלעגען אויפ'ן טיש.

אין דער טהיר האָט ער געטראָפֿען די באָבען, יענע האָט עפּיס פֿערשטאַנען און אָנגעהויבען שרייען. נאָר זבולון מאיר איז שוין לאַנג נישט דאָ געווען.

אויפ'ן וועג איז ער אַריין אין זינדיל דעם נגיר'ס קיך, וואו די מאָמע זיינע וואַשט דאָרט. נאָר דערזעהענדיג איהם, האָט די מוטער איהם פֿון דאָרט מיט אַ שטיק האַלץ אַרויסגעיאָגט. — ווענינ האָב איך אייך, בענקערטים, אין דער היים, דאַרף איך אייך נאָך דאָ ביי דער אַרבייט, — האָט זי געשריען.

און ער, שטעהענדיג הינטער דער טיהר, האָט אַריינגעשריען אין קיך אַריין:

— מאַמע, בלייב געזונד, איך פֿאָהר אַוועק.

די מוטער האָט געמיינט, אַז ער זאָגט דאָס זי צו רייצען, האָט זי איהם געענטפֿערט:

— פֿאָהר און צובּרעך הענד און פֿיס.

שפּעטער אַז די מוטער האָט אַרויסגעקוקט דורך דעם פֿענסטער און געזעהען, ווי דער שניי דרעהט, האָט זי זיך עפּיס דערמאַנט, און געקרעכצט:

— האָטש איהם אַ טיכיל מיטגעגעבען, אַזעלכע וועטער'ן.

---

אַרויספֿאָהרענדיג פֿון דער שטאָדט, וואַרפֿט זבולון מאיר אַ בליק אויף דאָס לעצטע הייזיל, וואָס שטעהט הינטער דער שטאָדט — אַזוי געקוקט האָט ער, אַזוי ווי געוואָלט זאָגען: בלייב געזונד.

ביי נאַכט איז ער אַריינגעקומען אין שטעדטיל. נאָטע'ס ווייב האָט איהם עסען געגעבען — און געגאַנגען נעכטיגען איז ער אין שטאַל.

ליגענדיג אַזוי אין שטאַל אויף דעם היי — האָט זבולון מאיר נישט געקענט איינשלאָפֿען — (אויף אַ ניי געלעגער גליסט זיך נישט צו שלאָפֿען). עפּיס האָט איהם דאָס האַרץ געקלעמט נישט וויסענדיג אַליין פֿאַר וואָס.

פֿון אַ שפּאַלט שיינט אַריין אַ בלאַסער שיין פֿון אַ נאַכט־לאָמטערנע. פּלוצים הויבט ער זיך אויף, געהט צו צו די פֿערד, ער'ן דערלאַנגט אַ גלעט מיט דער האַנד אויפ'ן פּע־דס האַלז. דאָס פֿערד הויבט אויף דעם קאָפּ, גיט זיך אַ שאָקיל און צוהירזעט זיך אויף אַקול—בר—ר—ר.

דערנאָך איז ער צוריק צו צום בינטיל היי — און מיט דעם גע־דאַנק, אַז גאַנץ לאַנג, גאַנץ לאַנג וועט איהם די שטאַל זיין פֿאַר אַהיים, און די פֿערד פֿאַר ברידער, האָט ער דאָס בינטיל היי צו זיין האַרץ צו־געדרוקט און איז איינגעשלאָפֿען.

---

II.

זבולון מאיר איז ביי נאָטען שוין אַ גאַנצער פּריץ. ער קריגט צו עסען, צו טרינקען, אויף אַלע פּסח אַ זומערדיגען קאָסטיום מיט אַ פּאָר קאָמאַשען, אויף אַלע סכּות אַ ווינטערדיגען קאָסטיום — מיט אַ פּאָר שטיוועל, מיט לאַנגע חאָליוועס.

זבולון מאיר איז צופֿרידען, דערהייפּט איז ער צופֿ־ידען מיט זיין קניפּיל, וואָס ער מאַכט פֿון די פּאַסאַזשירען, וועלכע ער נעמט אויף אויפ'ן וואָגען הינטער דער שטאָדט אָהן דעם בעל־הבית וויסען.

אין דעם שטעדטיל איז ער געוואָרען אַ גאַנצער היימישער, אַ וואוילער־יונג, אַלע שבת קומט ער זיך צוזאַמען מיט נאָך בחורים און דינסטמיידליך, און מען טאַנצט, און מען לעבט.

ווער ווייסט, צי זבולון מאיר וואָלט נאָך אַמאָל געדענקט עפּיס פֿון דער היים, ווען עס מאַכט זיך נישט אַמאָל אַזאַ מעשה.

אמאל, ווען זבולון מאיר איז געווען אין ק. אויפ'ן יריד, געהט ער אזוי אויפ'ן פערד־מארק, בעקוקט זיך א שימעל פאר זיין אלטען, גיט ער א קוק, זעהט ער, עס שטעהט עפּיס א יוד און דינגט עפּיס וואס ביי א פויער.

געהט ער צו נעהנטער, קוקט, — דאכט זיך, זיין טאטע.

יא. אזוי פערעלטערט געווארען — די גאנצע בארד איז שוין וויים.

— גוט מארגען, טאטע, וואס מאכסט דו עפּיס?

דער פאטער קוקט זיך אום: זבולון מאיר.

— זבולון מאיר, וואו ביסט דו? וואס מאכסט דו? ווי קומסט דו דא אהער? שרייבסט גאר קיין בריוויל ניט צום טאטען אהיים? צו דער מאמען?

— וואס מאכט איהר? וואס הערט מען? קום נור אין שענק אריין, דארט וועט מען זיך שוין ווענען אלץ דורכשמועסען.

געהען זיי אין שענק אריין און זעטצען זיך אנידער ביי א טישיל.

— ביער, — שרייט דער פאטער; — אקעוויט, שפּריט, — שרייט זבולון מאיר.

— וואס הערט מען ביי דיר? וואס מאכסט דו? וואס מאכט די מאמע? ביי מיר איז אלץ גוט, געלויבט צו גאט, זעהסט דאך אין בין נאך ביי נאטען, א פאר גילדען אויך דא?

— נו, שרייבט מען אמאל א בריוויל צהיים; בעריש שרייבט פון אמעריקא, או ער פערדינט 20 דאלאר א חדש, שיקט ער עפּיס אויך. ברוך איז אוועק צו מיליטער, — שרייבט ער מיר, — איז א חורבן נאך די יאהרען.

— און די מאמע, וואס מאכט עפּיס?

— אך, די מאמע, זי וואשט, היינט שוין טאקי נישט. אביסיל האט זי שוין קיין כח נישט צו דעם. אביסיל לאז איך נישט, און אנשטאט איהר פערדינסט שיקט אביסיל בעריש פון אמעריקא.

— ווייסט דו וואס. זבולון מאיר, — זאגט צו איהם דער פאטער, נאך א לאנגען זיפ'ץ — קום אהיים אויף פסח. איך וויים, עס געהט אזא חול־המועד, זאג איך דיר, איז דיר דבורה דעם פעטערס טאכטער אויסגעוואקסען. א רויז, זאג איך דיר פאר וואס נישט? לאז די מאמע אויך א שטיקיל נחת האבען...

— וויים איך, האב איך א זארג פאר א כלה, דארף איך זיי אויף טויזענד כפרות. נאר אויב דו ווילסט, קום איך — און ווייטער פטור.

דער טאטע מיט'ן זוהן האבען זיך שטארק נעפרעהט — און עס איז געקומען ביין בעצאהלען, קריגען זיי זיך.

— אוועק, — שרייט דער פאטער, — דו סמארק איינער, איך בין א טאטע, ווילסט דו בעצאהלען.

— ניין, טאטע, ניין, שרייט ער, אין לעבען זאל עס מיר געהן...

און זבולון מאיר האט געקויפט א פאטשיילעכיל פאר די מוטער א שירץ פאר די באבען. ער האט עס מיטגעגעבען מיט דעם פאטער און זיי האבען זיך ביידע היים געזעגענט.

זבולון מאיר האט געוואלט אויף יום־טוב אהיימקומען ווי א לייט, זאלען זיי זעהען אין דער היים, אז מען איז עפּיס א שטיקיל מענש.

און א גאנצען ווינטער האט ער וועגען דעם געקלערט, אין יעדען שטעדטיל, וואוהין ער איז געקומען, האט ער עפּיס זיך געקויפט אויף פסח. דא א קראוואט, דא א פאר קראגענס. פלעגט ער וואס קויפען, פלעגט ער דאס ברייננגען ביי זיך אהיים, אין שטאל. דארט אויפ'ן בעט האט ער געהאט ליגען זיין קעסטיל, און אין איהם פלעגט ער אלץ אריינלעגען איינגעוויקעלט נאך מיט דעם שטיקיל פאפּיער — בעהאלטען אויף יום־טוב. אזוי האט ער צו ביסליכווייז געקויפט א שירם, א פאר קאלאשען א ויידען טיכיל, א פאר אויערינגליך: פאר א מתנה, — און וואס ער קויפט, לעגט ער אלץ אריין אין קעסטיל.

ער פאהרט אין וועג, ער פייפט זיך צו, קוקט זיך ארום און קלערט: איך וועל אהיימקומען אין גאנצען פאראד, א נייעם קאסטיום, א פאר נייע שטיוועל — אויסגעצירט, ווי זונדילס קינדער — געה איך מיר, אזוי נאכ'ן עסען אין גאס. אלע קוקען, — לאזען זיי קוקען — און גאר נישט.

באלד דערמאנט ער זיך אן דבורה'ן, דעם פעטער זכריה'ס טאכטער. א שען מיידיל, אבעל־בתייש קינד, פאר איהר אויך עפּיס א מתנה... א פאר אויערינגליך. א בראנזועלעטיל, געה איך מיט איהר שפּאצירען, קוקען אלע, קריגען די פאפלעקציע — ווער איך מיר א חתן...

דא הערט ער אויף קלערען, ער האט מורא, טאמער וועט ער דערמיט שאדען — פייפט ער — גיט א שמיים די פערדליך: נא! נא!

---

ערב פסח.

זבולון מאיר איז אהיימגעקומען. אויסגעקליידט איז ער געווען פון קאפ ביז די פיס, א נייער קאסטיום, מיט א נייעם פאלטא — א נייע היטעל און א פאר נייע קאמאשען. די קעשענעס פול מיט מתנות פאר אלעמען. פאה'ן קומען האט ער נאך א פאר פונט פלייש און פיש גע־קויפט אויף יום־טוב.

אקעגען איז איהם געגאנגען דער פאטער צו דער באהן, — גענומען איהם דאס נייע קעסטיל פון דער האנד, און דער פאטער איז מיט איהם געגאנגען אהיים איבער דעם גרויסען מארק.

עס איז געווען א שענער זומער טאג — דאך איז זבולון מאיר געגאנגען אין א פאר קאלאשען און מיט א שירם אין דער האנד.

די גאנצע גאס האט זיי נאכגעקוקט.

— איי, זבולון מאיר — דער קוילען האפער, איז גאר א גאנצער שררה געווארען — וואס דאס פרעמד מאכט אלץ. — זאגען די ווייבער נאכקוקענדיג זיי.

— וואס דען? דא ביי אונז ווערען קינדער לייט — ענפערט אב א יודענע — גנבים ציהט מען אויף, און ווייטער גאר נישט.

די מוטער איז איהם ארויס אקעגען אין — הויף — מי[illegible] א גרויסע גדולה — זבולון מאיר האט נישט געוואוסט וואס צו טהון: — קושען? ע, — עס איז איהם עפּיס נישט געווען צ'ם הארצען.

און די באבע איז איהם אקעגען געגאנגען און זיך געווישט די אויגען מיט דער שירץ: — מיין קינד, מיין גאלדען אייניקיל.

מען האט דעם גאַסט אין שטוב אַריינגעבראַכט — דער קעלער איז געווען אויסגעווייסט ריין, גאַר נישט א׳הם צו דערקענען. אַ ווייס פאַרהענגיל האט געהאָנגען אויפ׳ן פענסטער — און די פּאָדלאָגע איז געווען מיט זאמד בעשיט. אין שטוב איז געווען א יום־טוב׳דיגער ריח, פון בארשט און מצות.

לאָז מען אויפשטעלען — בראָנפּען, — האט דער פאַטער קאָמאַנדירט.

און זבולון מאיר האט זיך דאָס היטיל אַרויפגעשאַרט, אַרויס־גענומען פון קעשענע די מתנות און יעדען איינגעטהיילט.

— די מוטער האַלט די אויערריננגליך און בעקוקט זיי, קוקט אויפ׳ן זוהן, די באָבע קומט צו, בעקוקט זיי אויך — „ריין זילבער״, — קרעכצט זי.

— וויפיעל האָסט דו בעצאָהלט פאַר די שמאַכנים? — פרעגט דער פאַטער דעם זוהן, איינגיסענדיג בראָנפּען.

— א געשעפט האָסט דו, — ענטפערט זבולון מאיר מיט אַ טאָן פון אַ נגיד, — אַ דריי רובעל׳דיגען.

---

דעם ערשטען טאָג יום־טוב נאָכ׳ן עסען זענען דער פאָטער, די מוטער און זבולון מאיר אַריבער צום פעטער זכריה.

געטראָפען פונקט ביי דעם יום־טוב׳דיגען קוגעל, די געסט האבען זיך אַנידער־געזעצט — און זבולון מאיר האט געוואָרפען אויגען אויף דבורה׳ן.

דבורה איז געזעסען, — אַ רויט מיידיל אָבגעוואַשען, און אויפּ־געקעמט, פון די האָהר האבען נאָך טראָפען וואסער גערונען, און אָנ־געטהון איז זי געווען אין אַ ניי גריןְ קליידיל.

— נו, דערצעהל אונז עפּיס נייעס, זבולון מאיר, — האט זיך דער פאַטער אָנגערופען.

— וואָס פאַר נייעס — דבורה — וואו איז דער פיין־קוכען, רופט זיך אָן דער פאַטער.

די מוהמע שרה האט באַלד אוי׳פגעשטעלט א פיין־קוכען, דער עולם האט געגעסען.

נאָכ׳ן עסען האט זבולון מאיר אַרויסגענומען אַ בראָנזעלעטיל און עס איבערגעגעבען דבורה׳ן, ניט רעדענדיג אַ וואָרט.

— אַ שענעם דאַנק, — האט דבורה געענטפערט רויט ווערענדיג — ווילענדיג איהם ווייזען, אַז חאָטש זי איז אַ קליין שטעדט׳נע, דאָך ווייס זי ווי צווישען מענשען זיך אויפצופיהרען.

נאָכ׳ן עסען איז זבולון מאיר מיט דבורה׳ן אַרויס אויפ׳ן גאַס שפּאַצירען.

— דער פעטער זכריה און דער פאַטער האבען זיי נאָכגעקוקט.

— א יונג, אַ לייט, — זאָגט דער פעטער.

אַ גאַנצען וועג זענען זיי געגאַנגען, ניט רעדענדיג אַ וואָרט איינער צום צווייטען.

די גאַנצע גאַס האט אויף זיי געקוקט.

פלוצים — איז זבולון מאיר אָבגעשטעלט געוואָרען.

— וואָס מאַכסט דו, גוטער ברודער? — זאָגט צו איהם ליביל פשארעק, אויסשטעקענדיג איין בעשמוצטע האַנד.

— איי, גאַר נישט, — האט זבולון מאיר געענטפערט, רויט ווערענדיג, און איז ווייטער געגאַנגען.

— אַ רוה אין דיין טאַטען ס׳טאַטען אַריין — אַ גאַנצער שררה מיר געוואָרען, ער שעמט זיך שוין אויך — האט ליביל איהם נאָכ־געשריען, קוקענדיג ממזר׳דיג מיט איין אויג.

ווארשוי. שלום אַש.

---

## מַה־נִּשְׁתַּנָּה?

טאַטע, איך וועל דיך פרעגען פיער קשיות.

די ע ר ש ט ע קשיא וועל איך דיך פרעגען:

מ ה נ ִ שְׁ תַּ נָּ ה ה ַ לַּ יְ לָ ה ה ַ זֶּ ה מִ כָּ ל ה ַ ל ֵ י ל ו ת — וואָס איז פערענדערט געוואָרען די דאָזיגע נאַכט פון אַלע נעכט פון אַ גאַנץ יאָהר?

שֶׁ בְּ כָ ל ה ַ ל ֵ י ל ו ת אלע נעכט פון א גאַנץ יאָהר אָ נ ו א ו כְ ל ִ י ן עסען מיר וואָס מיר ווילען, סאַי אַ יודיש ראָסעלפלייש סאַי אַ גוי׳עשען קאָלבאָס, סאַי פיש מיט הריין סאַי ראַקעס, סאַי לאָקשען־קוגעל סאַי מאַראָזשנע, ה ַ לַּ יְ לָ ה ה ַ זֶּ ה די דאָזיגע נאַכט פון פסח כֻּ ל ּ ו מַ צָּ ה — זענען מיר אַלע מצה׳דיג, די מאַמע האט אונז אָנגעזאָגט אויב מיר ווילען עסען חָמֵץ זאָלען מיר געהן אין דער „קאָלבאָסנע״. ווארום ס׳איז אין שטוב זאָגט זי פסח׳דיג, ס׳איז אומעטום אין יעדען ווינקעלי כשר, ריין, סע שעמערירט און סע פינקעלט, דאָס געפּעס האט מען געקויפט שפּאָ־געל־נייעס, נאָר וואָס פון קלייט, דאָס מעבעל איבערגעפוצט, די טירען געוואַשען, די פענסטער געקראַצט, דאָס דינסטמיידיל געכשריט, עס לאָזט זיך הערען פון קיך אַ רֵיחַ פון שטאַרק געפּעפערטע פיש, אַ ריח פון גענזענשמאַלץ, מע האט אָנגעמאַכט צו דער יוך לאַטקעס און בלינטשי־קעס, קניידליך און חרעמוליך און פּאָלירטשיקעס, אונז האט מען פלוצים געהייסען אָנטהון די היטלען, אויסגעזעצט אַרום טיש, גענעבען אונז אין די הענד אַריין סדורים׳ליך מיר זאָלען א ר י י נ ק ו ק ע ן — זיצען מיר ווי די טאָקען און קוקען ווי אַ האָהן אין בְּנֵי־אָדָם...

וואָס איז דאָס פאַר אַ קאָמעדיע? ווי אַזוי הייסט די שפּיעל? .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

האָב איך דיך, טאַטע, געפרעגט איין קשיא.

די אַ נ ד ע ר ע קשיא וועל איך דיך פרעגען:

פאַר וואָס האט עפּיס די מאַמע אָבגעשיקט די באָבע אויף אַ גאַנץ פסח? וואָס שעמען מיר זיך אַזוי מיט אונזער יום־טוב? — — —

צי שעמען מיר זיך דערמיט, וואָס מיר האָבען זיך בעפרייט פון גָלוּת מִצְרַיִם און געוואָרען פון קנעכט, פון ציגיינערס, אַ פאָלק?

צי מיר שעמען זיך מיט משֶׁה רַבֵּינוּ׳ס תּוֹרָה, וואָס דאָרטען, זאָגט מען, שטעהט געשריבען: „דו זאָלסט ליעב האָבען דיין חבר ווי זיך אַליין״... „אויב דיין שונא איז הונגעריג זאָלסט דו איהם אָנזאַטען מיט ברויט און אויב ער איז דאָרשטיג זאָלסט דו איהם אָנטרונקען מיט וואַסער״... ?

צי מיר שעמען זיך מיט אונזער בית־המקדש וואס איז געווען, זאגט מען, א בית־המקדש פאר אלע פעלקער?...

צי מיט אונזערע מלכים שעמען מיר זיך, מיט אונזערע מלכים, וואס האבען זיך אויסגעפיינט נישט נור מיט מלחמות אליין; זיי האבען, זאגט מען, געשריבען זעלטענע ספרים און געזונגען הייליגע ליעדער?...

צי מיר שעמען זיך מיט אונזערע נביאים, וואס זענען ארומגע־גאנגען צווישען פאלק און געזייעט אמת, עהרליכקייט, יושר און גערעכ־טיגקייט, נישט געלאזט מע זאל בעליידיגען דעם ארימאן, קוועטשען דעם שוואכען, בענעמען די אלמנה, בעראבעווען דעם יתום?... מיט די נביאים וואס האבען זיך ניט געשעמט אויסזוצען פעהלערען דעם גרעס־טען פארשוין, אפילו דעם מלך אליין, איהם זאגען דעם אמת גלייך אין פנים אריין?...

צי מיר שעמען זיך אפשר דערמיט וואס אונזערע עלטערן האבען זיך געלאזט, זאגט מען, שניידען און בראקען, בראטען און ברענען, הייגגען און טריינקען, קוקען ווי מע קוילעט די קליינע קינדער פאר זייערע אויגען און שוויינען, שפרינגען אין פייער אויף קדוש השם און שרייען בשעת מעשה: שמע ישראל! — אט דערמיט שעמען מיר זיך???

. . . . . . . . . . . . . . . .

האב איך דיך, טאטע, געפרעגט צוויי קשיות.

די דריטע קשיא וועל איך דיך פרעגען:

פאר וואס האסט דו אונז געלערענט אלע לשונות אלטע און נייע, נאר איין שפראך האסט דו פערגעסען אונז לערנען — אונזער אייגענע יודיש שפראך?... די שפראך וואס אויף איהר איז געשריבען די תורה, די שפראך וואס אויף איהר האבען גערעדט די נביאים, די שפראך וואס אויף איהר איז פאראן, זאגט מען, א גרויסע, א רייכע א שענע ליטעראטור?

פאר וואס האבען מיר אויסגעחזר׳ט די היסטאריע פון אלע פעל־קער, די אלטע און די נייע, נאר די היסטאריע פון איין פאלק האבען מיר דורכגעלאזט — די היסטאריע פון אונזער אייגען יודיש פאלק?

פאר וואס זענען מיר קלאהר אין דער געאגראפיע פון דער גאנ־צער וועלט, נאר די געאגראפיע פון ארץ־ישראל איז אונז פרעמד?

פאר וואס זענען מיר קלאהר אויף אויסוויינינג מיט אלע פיש־טשעוקעס אין וואסער א יאהר איז געווען גאסטיאן און גארפאג און קאמביז און דארי גיסטאספ און איוואן קאליטא און מיר הויבען נישט אן צו וויסען ווען איז געווען עזרא, און ווען איז געווען יהודה מכבי?

פאר וואס ווייסען מיר, ווער איז געווען פושקין, לערמאנטאוו, גאגאל, גארקי און טאלסטאי, און הויבען נישט אן צו וויסען ווער איז געווען יהודה הלוי, לעווינזאהן, לעוואנדא, גארדאן, אבראמאוויטש?...

פאר וואס ווייסט ביי אונז א מינדסט קינד וואס פאר א יום־טוב איז "מאסליניצא" און אז עס קומט צו אונזער "חנוכה", איז ער נישט קיין הינער?

. . . . . . . . . . . . . . . .

האב איך דיך, טאטע, געפרעגט דריי קשיות.

די פערטע קשיא וועל איך דיך פרעגען:

פאר וואס איז ביי דיר איוואן איוואנאוויטש אזוי טהייער און רב יענקיל אזוי וואלוועל?

פאר וואס קלינגט אן איוואן איוואנאוויטש ביי אונז גלייך אין דער פערדערשטער טהיר, און רב יענקיל געהט אויף דער הינטער־טהיר?

פאר וואס אז עס קומט אריין צו אונז איוואן איוואנאוויטש ווערט א הארמידער, א גערוקעריי פון ביינקליך, אלע לויפען איהם אקעגען, מע ווייסט ניט וואו איהם אנידערצוזעצען, און רב יענקיל, אז ער קומט אריין, שטעהט ער ביי דער טהיר און האט מורא, טאמער וועט מען איהם ניט אזוי אויפנעהמען?...

פאר וואס אז איוואן איוואנאוויטש קרומט זיך נאך ווי אזוי א יוד האט מורא פאר א ביקס און זאגט: "אי וועה מיר! שטרע־ליאיעט!" קאטשען מיר זיך אלע פאר געלעכטער, און אז יענקיל וויל עפיס דערצעהלען, קוקט ער פריהער אין די אויגען אריין צי מע איז אויפגעלייגט איהם הארכען?...

פאר וואס האט איוואן איוואנאוויטש א העזה צוגעהן גלייך צו מיין שוועסטער מאטילדע, איהר געבען א קניפ אין בעקיל און מאכען איהר וואס פאר קאמפלימענט ער וויל, און אז רב יענקיל האט זיך איין מאל ארויסגעהאפט מיט א ווארט, אז מאטילדע איז א פיינע בתולה, האט איהם די מאמע אבגעשאטען מיט פייער: "פי, ושי־דאוושטשינא! וואס איז דאס פאר א נאמען בתולה?"...

פאר וואס אז דער רוסישער לעהרער קומט צו געהן צו אונז לערנען, האבען מיר פאר איהם דרך־ארץ, געבען איהם אב כבוד און האבען מורא פאר א בעזען קוק, און אז אונזער יודישער "רבי" קומט צוגעהן איין מאל אין וואך פון יוצא וועגען לערנען מיט אונז "סדור", מאכען מיר פון איהם חוזק, טרייבען קאטאוועס, הערען איהם ווי דעם קאטער, בעהאלטען איהם די היטיל אונטערן בעט, אדער מיר פער־ווארפען איהם די קאלאשען אויפ׳ן בוידעם?...

פאר וואס שרייבען מיר אויס אלע יאהר די "ניווא" מיט׳ן "נאווע־ווארעמיא", פערהאפען מיט א חודש פריהער, מיר זאלען חס־ושלום ניט פערשפעטיגען, און אז מע האט דיך א פרעג געטהון עמיצער, למאי דו שרייבסט ניט אויס דאס יודישע בלאט, האסט דו זיך נעפונען ווי בעליידיגט?...

פאר וואס קלינגט׳ די וועלט מיט זייערע מחברים, מע שרייבט וועגען זיי גאנצע ביכער, מע דרוקט זייערע בילדער, מע פייערט זייערע יובילעיען, מע גיט ארויס זייערע ספרים, מע שטעלט זיי מאנומענ־טען — סע טהוט זיך חשך!... — און צו אונז איז אריינגעקומען ניט לאנג א יודישער מחבר. האסט דו איהם זעהר פיין אויפגענומען פון פאָרינט ביי דער טהיר און האסט איהם געזאגט: "א נדבה קען איך אייך געבען, און אייער בוך בעדארף איך ניט"?..

פאר וואס דרוקט מען אזוי אפט אויף די בלעטער דיינע נדבות מיט דיינע נדרים מיט דיינע נישט יודישע סטיפענדיעס וואס דו שענקסט, און מע הערט עפיס ניט דו זאלסט מנדר זיין אויף א יודישער זאך?...

פאר וואס ברייננט זיך אויס די מאמע אויף אלע זייערע בע־לער, און אז עס קומט צו דער יודישער תלמוד־תורה, זאגט זי אז ס׳איז ניט אויסצושטעהן פון די יודען ווי זיי שלעפען?...

פאר וואס האסטו מיר א נאמען געגעבען "אלקוויאר" ניט "עקיבא", ווי איך הייס באמת נאכ׳ן זיידען עקיבא? מיט וואס איז אלקוויאר געווען א שענערער מענש פון אונזער גרויסען געלעהרטען רבי עקיבא?...

פאר וואס טאנצט מיין שוועסטער "קלארא" אויף אלע יאלקעס, אז איך האב אליין וויפיעל מאל געהערט אז מע רופט זי אונטער די אויגען "חייקא" און "זשידאווקא"?...

פֿאַר וואָס מישט זיך מאַטיל דער שניידער, בעריל ווער שוסטער און חיים דער סטאָליר דאָרט וואו מע דאַרף ניט, און נעמען זיך אָן יענעמס קריוודע, אַז יענער בעט איהם ניט, אַז יענער איז גרייט אַלע מאָל מיט אַ שטעקען איהם ווייזען דעם רעכטען וועג?...

פֿאַר וואָס און פֿאַר וואָס און פֿאַר וואָס און פֿאַר וואָס? . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

האָב איך דיך שוין, טאַטע, געפֿ־ענט אַלע פֿיער קשיות.

אַצונד בעט איך דיך דו זאָלסט מיר ענטפֿערען אַ תירוץ אויף מיינע קשיות.

און אַז דו וועסט מיר ניט ענטפֿערען קיין תירוץ אויף מיינע קשיות, וועל איך דיר ענטפֿערען אַ תירוץ:

(אם־ירצה־השם איבער אַ יאָהר פסח אויף דעם אָרט).

קיעוו, תרס״ב. שלום־עליכם.

---

# פאָליטישע איבערזיכט.

די אונרוהען אויף די באַלקאַנען. — די פֿערהאַנדלונגען וועגען שלום. — דער דרייבונד.

אויף די באַלקאַנען איז ווידער ניט רוהיג, היינטיגער פֿריהלינג האָט, ווי דער שטיינער איז, געבראַכט ווידער אונאָרדענונגען אין די טערקישע מדינות—מאַקעדאָניען און אַלבאַניען. די קריסטליכע בעפֿעלקערונג אין די ביידע לענדער איז שטענדיג אויפֿגערעגט, און ניט גרינג קומט אָן טערקיי דאָרט איינצוהאַלטען די אָרדנונג. דערהויפּט זענען גרויס געוועהנליך די אונאָרדענונגען אין מאַקעדאָניען. נאָך דעם בערלינער קאָנגרעס אין דעם יאָהר 1878 האָט זיך טערקיי מתחייב געווען איינצופֿיהרען אַ בעסערע הנהגה אין מאַקעדאָניען, נאָר די רעגירונג האָט נאָך עד היום איהר הבטחה ניט אויסגעפֿילט. מיר גלויבען אָבער ניט, אַז אין די מאַקעדאָנישע אָפֿטע אונרוהען איז שולדיג די שלעכטע הנהגה פֿון דער טערקישער רעגירונג. די בעוועגונג אין מאַקעדאָניען איז אַ נאַציאָנאַלע. די באַלגאַרען סטאַרען זיך שוין פֿון לאַנג אָן איינצונעהמען דאָס לאַנד און עס צו פֿעראייניגען מיט דער באָלגאַרישער מלוכה. די מאַקעדאָנישע קאָמיטעטען, וואָס זענען געווען אין באָלגאַריען, האָבען פֿון יאָהרען לאַנג געקליבען געלד און געוועהר אויף צוצוגרייטען אַ מרידה אין מאַקעדאָניען. די באַלגאַרישע רעגירונג האָט ביז גאָר ניט לאַנג געשטיצט די מאַקעדאָנישע קאָמיטעטען און געקוקט אויף מאַקעדאָניען ווי אויף אַ לאַנד, וואָס דאַרף אין ניכען איבערגעהן אין גאַנצען צו איהר.

אָבער די אַרבייט פֿון די באָלגאַריש־מאַקעדאָנישע קאָמיטעטען האָט געפֿונען אַ שונא אין די קריסטען אַליין, וועלכע וואָהנען אין מאַקעדאָניען. דאָס דאָזיגע לאַנד איז בעזעצט ניט נור פֿון באָלגאַרען אַליין. אין מאַקעדאָניען געפֿינען זיך אויך פֿיעל סערבען, רומענער גריעכען, און האָטש זיי ווילען צוגלייך מיט די באָלגאַרען אָבטרייסלען פֿון זיך דעם טערקישען יאָך, אָבער זיי ווילען ניט איבערגעהן אונטער באָלגאַריענס רשות. די סערבען ווילען, אַז דאָס לאַנד זאָל איבערגעהן צום סערבישען קעניגטהום, די רומענען ווילען עס האָבען פֿאַר זיך. די בעפֿרייאונג פֿון טערקישען יאָך — ווען זי וואָלט אפילו מעגליך געווען — וואָלט דערום אַרויסגערופֿען גרויסע אונאָרדענונגען צווישען די מאַקעדאָנישע קריסטען און מלחמות צווישען אַלע קריסטליכע מלוכות אויף די באַלקאַנען, וועלכע וואָלטען זיך בשום אופן ניט געקענט צוטהיילען מיט טערקיי׳ס ירושה. גריכענלאַנד, וואָס האָט גאָר קנאַפּע האָפֿנונגען אויף מאַקעדאָניען, האָט דערום אָבגעמאַכט מיט טערקיי, אַז אין פֿאַל פֿון אַ בונט אָדער אַ מלחמה אין מאַקעדאָניען, דאַרף זי שטעהן מיט איהר חיל אויף טערקיי׳ס זייט. רוסלאַנד און עסטרייך, וואָס זענען מעהר פֿאַר אַלע אַנדערע אייראָפּעאישע מלוכות פֿעראינטערעסירט אין דעם שלום אויף די באַלקאַנען, האָבען אָבגעמאַכט צווישען זיך, אַז זיי וועלען בשום אופן ניט דערלאָזען די פֿערענדערונגען אין דער פּאָליטישער לאַגע אין מאַקעדאָניען און אַלבאַניען בפרט און אויף די באַלקאַנען בכלל. אויף די פֿאָדערונגען פֿון רוסלאַנד האָט די באָלגאַרישע רעגירונג זיך געמוזט אָבזאָגען פֿון איהר הילף פֿאַר די מאַקעדאָנישע קאָמיטעטען, און די טערקישע רעגירונג פֿון איהר זייט האָט אָנגעהויבען שטאַרקער צו רודפ׳ן די מאַקעדאָנישע בעוועגונג ביי זיך. נאָר דאָס האָט נאָך אַלץ ניט געהאָלפֿען און אונרוהען זענען איצט ווידער ווי אין מאַקעדאָניען, „אַזוי אויך" אין אַלבאַניען. טערקיי ציהט צוזאַמען פֿיעל חיל אין די ביידע לענדער, אויך רוסלאַנד און עסטרייך בעמיהען זיך איינצושטילען די אונרוהען, און עס איז דערום צו האָפֿען, אַז דער שלום אויף די באַלקאַנען וועט דאָך ניט בלייבען געשטערט.

די מעגליכקייט פֿון שלום אין אַפֿריקא קריגט מיט יעדען טאָג מעהר זיכערהייט. שאַלק־בורגער פֿון טראַנסוואַל איז צונויפֿגעקומען מיט דעם פּרעזידענט שטיין פֿון אָראַניען און מיט די גענעראַלען פֿון דעם בויערשען חיל, און זייערע פּערהאַנדלונגען וועגען שלום מיט די ענגלענדער ווערען געפֿיהרט זעהר לעבעדיג. איצט איז זיי אויך ערלויבט געוואָרען צו בענוצען דעם טעלעגראַף, וואָס געפֿינט זיך אין ענגלישע הענד, כדי אריינצוטרעטען אין פֿערבינדונגען מיט דעם אַלטען פּרעזידענט קריוגער׳ן וואָס איז שוין אַזוי לאַנג אין אייראָפּאַ. וועגען דעם תוך פֿון די פֿערהאַנדלונגען קען מען נאָך גענוי ניט וויסען, נאָר עס איז קלאָר, אַז די זעלבסטשטענדיגקייט וועט אי טראַנסוואַל, אי אָראַניען פֿערלירען אויף אייביג. מען רעכענט, אַז די בויערען וועלען מוזען ווערען ענגלישע אונטערטהאַנען, נאָר זיי וועלען קריגען, ווי יעדע אַנדערע ענגלישע קאָלאָניע, איין אייגענעם פּאַרלאַמענט און איין אייגענעם מיניסטעריום, וועלכע וועלען דאַרפֿען שטעהן אונטער ענגלאַנדס השגחה. דאָס לעגט זיי פֿאַר ענגלאַנד. די בויערען פֿערלאַנגען נאָך ווייטער, אַז ענגלאַנד זאָל צוריק אויסבויען די פֿערברענטע בויערשע דערפֿער און פֿערמעס און אַז זי זאָל בעהאַנדלען אַלע ענגלישע אונטערטהאַנען, וואָס האָבען טהיילגענומען אין דער מלחמה געגען ענגלאַנד ניט ווי מענשען, וועלכע האָבען מורד געווען במלכות, נאָר ווי געוועהנליכע קריגסגעפֿאַנגענע.

אַזוי גיך וועלען זיך נאָך מסתמא די פֿערהאַנדלונגען ניט ענדיגען, ווייל די בויערען ווילען נאָך אַלץ די גאַנצע זעלבסטשטענדיגקייט פֿאַר זייערע רעפּובליקען, און די ענגלענדער ווילען זיי אפֿילו דערווייל נאָך קיין אייגענעם פּאַרלאַמענט אויך ניט געבען, כל זמן זיי וועלען ניט זיין בעוואָרענט, אַז דאָס לאַנד איז שוין אין גאַנצען בערוהיגט.

אַזוי צי אַזוי, נאָר טראַנסוואַל און אָראַניען וועלען בלייבען שוין ענגלישע לענדער, און ניט לאַנג נאָך איז צו וואַרטען, ביז עס וועט

קומען א צייט, ווען עס וועלען פערגעסען ווערען די אלע גרויסע קרבנות, וואס די ביידע לענדער האבען אבגעקאסט ענגלאנד, און אלע אין ענגלאנד וועלען ווייזען אויף טשעמבערלענען ווי אויף א גביר, וואס האט מיט זיין פאליטיק א גליק געמאכט זיין פאלק און איהם געגעבען צוויי נייע גרויסע און רייכע מדינות אין אפריקא.

אויך אייראפא וועט באלד פערגעסען איהר שנאה צו ענגלאנד פאר איהר מלחמה מיט די בויערען, און מיט גוטען אדער בייזען וועלען די בויערען פריהער אדער שפעטער אין גאנצען איינגעשלונגען ווערען אין דעם גרויסען ענגלישען פאלק.

די אייראפעאישע צייטונגען, זענען פול מיט בעשרייבונגען פון דער בענעגניש צווישען דעם גראף ביולאוו'ן און דעם איטאליענישען מיניסטער פרינעטי. דער בונד צווישען איטאליען מיט דייטשלאנד איז אויף ווייטער פערלענגערט געווארען, נאר אונטער אנדערע תנאים ווי פריהער. איצט שטעהט איטאליען אין א בעזונדער בונד מיט פראנקרייך, און מען האט געמוזט זיך דערמיט רעכנען. איטאליען האט צוגעזאגט אויך אויף ווייטער צו מאכען איין האנדעלסקאנטראקט מיט דייטשלאנד. אבער די פאליטישע בעדייטונג פון דעם דרייבונד איז איצט, ווי עס ווייזט אויס, פיעל קלענער געווארען. מען זאגט, אז איטאליען האט זיך אפילו אויסגערעדט דעם תנאי, אז אין פאל פון א מלחמה צווישען דייטשלאנד און פראנקרייך דארף זי ניט געהן העלפען דייטשלאנד. דער בונד בלייבט אויך ווייטער, אבער א פיעל אבגעשוואכטערער.

י. ל.

---

# די יודישע וועלט.

## געזעצען און משפטים.

*** בלוט אויף פסח. ווי יעדעס יאהר פאר פסח האבען אויך היי־יאהר די צייטונגען זיך געהאט צו בעשעפטיגען מיט א „ריטואלמארד“. פאריגע וואך האט די וויענער פאליציי ערפאהרען, אז אין א הויז פון 9־טען בעצירק הערשט א שטארקע אויפרעגונג: מען שמועסט פון 2 קריסטליכע דינסט־מיידליך וועלכע דערצעהלען אז ביי זייער יודישען בעל־הבית האט מען זיי אין דער נאכט פערוואונדעט די הענד און אבגעצאפט בלוט. די פאליציי האט באלד אראבגעשיקט נאכפארשען און האט געפונען אז איינע פון די מיידליך האט לייכטע וואונדען אויף ביידע ארעמס און די אנדערע האט אויך געגעבען צו פראטאקאל, אז זי האט געהאט אזא וואונד אויף דער האנד מיט זעקס וואכען צוריק. וואס די פאליציי האט אבער פעסטגעשטעלט איז פאלגענדעס:

די מיידליך זענען פון דעם בעהמישען ארט בודוויס; דארט איז די גאנצע געגענד זייט דעם פאלנא'ער פראצעס אזוי אויפגעהעצט און צורייצט, אז קריסטליכע מיידליך האבען מורא צו דיענען ביי א יודען און די 2 מיידליך האבען אזוי שטארק פאנטאזירט פון דעם גלויבען, אז יודען בעדארפען בלוט, דאס זיי האבען ביי דער פאליציי אנגעגעבען אז זייער ווירטהין גיט אריין יעדען טאג בלוט אין עסען וועלכעס זי קאכט. די פאליציי האט געשיקט מאכען א רעוויזיע, דאס דיענסטמיידיל איז מיטגעגאנגען און זי האט אנגעוויזען אויף א פלעשיל אין וועלכען ס'געפינט זיך דאס בלוט. דאס פלעשיל איז גענומען געווארען אויף די פאליציי און דארט האט מען געזעהן, אז דאס איז „מאגגי'ס פלייש־עקסטראקט“ וואס דאס מיידיל האט אין איהר אבערגלויבען געהאלטען פאר בלוט. פון דעסטוועגען האבען זיך די וויענער אנטיסעמיטען גענומען שטארק צו דער ארבייט. זיי האבען, אזוי ווי ביי הילזנער'ס פראצעס, ארגאניזירט איין אייגענע קאמיסיע און זייערע צייטונגען האבען געדראהט דער פאליציי, אז זיי וועלען עס נישט צולאזען, אז די רציחה זאל פערדעקט ווערען. זיי האבען אויך דאס פערוואונדעטע מיידיל געפיהרט צו זייער אייגענעם, אנ'אנטיסעמיטישען, דאקטאר און ערשט נאכדעם ווי „זייער“ דאקטאר האט זי אונטערזוכט און געפונען אז די וואונדען קענען אוממעגליך זיין פון בלוט אבצאפען האבען, זיי געשריבען, אז זיי האבען דערמיט גאר נישט צו טהון. געגען די מיידליך האט מען איינגעלייטעט איין פראצעס וועגען פאלשער אנקלאגע.

— דער סענאט האט ערקלערט, אז די פאליציי האט נישט קיין רעכט גלייך ארויסצושיקען א יוד א בעל מלאכה פון די ערטער וועלכע געפינען זיך אויסער דער „טשערטא“, אויב ער פערנעהמט זיך נישט מיט זיין מלאכה. זי איז נור מחויב מודיע צו זיין דערפון דער רעמעסלענער אופראווע, וועלכע פארשט נאך, אויב די זאך איז ריכטיג און נאכדעם ווי זי שליעסט אויס דעם יודישען בעל מלאכה פון צעך, קען איהם ערשט די פאליציי ארויסשיקען.

— אין צירקולאר פון מאסקווער אבער־פאליציי־מייסטער שטעהט: זיין קייזערליכע האהייט דער מאסקווער גענעראל־גובערנאטאר האט אויף מיין פארשטעלונג ערקענט פאר נויטהיג צו בעשטראפען דעם פערוואלטער פון האטעל „אייראפא“ — פעטער בלאנק און דעם בעל־הבית פון האטעל זאלאטארעוו — יעדען מיט ארעסט אויף 1 מאנאט דערפאר, וואס זיי האבען געהאלטען יודען אין האטעל און זיי נישט געמעלדעט, אדער נישט ריכטיג איינגעשריבען.

— דער סענאט האט ערקלערט, אז אויב א יוד פאהרט ארויס פון דארף, וואו ער וואהנט אויף קוראציע אפילו אויף א צייט פון $1^1/_2$ יאהר און פערקויפט דערביי זיינע שטובזאכען, פערלירט ער נישט דאס רעכט צו קומען צוריק אין דארף און ווייטער דארט וואהנען.

— די פרייסישע רעגירונג האט לעצטענס ארויסגעגעבען פאלגענדע רעגעלען, וועלכע זענען נוגע רוסישע עמיגראנטען:

1) עמיגראנטען אויס רוסלאנד טארען נישט קומען קיין פרייסען: אויב זיי האבען נישט: א) קיין פאספארט; ב) א שיפסקארטע קיין אמעריקא; ג) מזומן געלד, ערוואקסענע מענשען צו 400 מארק און יונגערע ווענינגסטענס צו 100 מארק. עמיגראנטען וועלכע האבען א שיפסקארטע פון א דייטשער דאמפפשיף־געזעלשאפט און א באהנבילעט ביז'ן ארט זענען נישט מחויב צו ווייזען געלד.

*

## בילדונג.

— די זאכסישע רעגירונג האט ארויסגעלאזען א בעפעהל, אז אויסלענדער און בעזונדערס רוסען זאלען ווערען אויפגענומען און די פרייבורגער אקאדעמיע פון בערגבוי נור אין פאל, אויב זיי האבען געענדיגט איין טעכנאלאגישע האכשולע.

*

## חברות.

— אין פעאדאסיא איז געוועזען די אספה כללית פון דער ניי געגרינדעטער חברה פריקאשטשיקעס. מען האט פארגעלייענט די תקנות און צוגלייך מודיע געוועזען, אז אין די תקנות איז געמאכט געווארען איין ענדערונג דורך דעם מיניסטעריום: אז אין דער פערוואלטונג טאר נישט מעהר זיין ווי $^1/_3$ יודען.

אין טיראספאל (חערסאנער גוב') האט מען דערלאנגט א ביטע צום פינאנצמיניסטער וועגען איין ערלויבניש צו גרינדען א געזעלשאפט פון געגענזייטיגען קרעדיט. נאר ווייל א גרויסער טהייל סוחרים אין טיראספאל זענען יודען, דערום האט מען צוגעגעבען אין נארמאל־אוסטאוו, אז יודען מוזען זיין דער קלענערער טהייל אין דער פערוואלטונג.

*

## ציוניסטישע נייעס.

— דעם פאריגען פורים איז געוועזען איין אווענד אין ארעסער סוחרישען קלוב „בעסיעדא“, אויף וועלכען עס האבען געהאלטען רעדען די הערען אבראמאוויטש (מענדעלי מוכר־ספרים), ס. דובנאוו, און גינצבערג (אחד העם). דער קלוב־זאל איז געוועזען פול אנגעשטאפט מיט מענשען. פיעל מענשען האבען נישט געקאנט אריין, ווייל עס האבען אויסגעפעהלט בילעטען. די ערשטע רעדע האט געהאלטען דובנאוו וועגען דער היסטארישער בעדייטונג פון גלות־יום־טוב פורים. מרדכי און אסתר האבען אין אנהויב נוטה געוועזען צו אסימילאציאן, זיי האבען בעהאלטען זייער יודישקייט. הדסה האט געענדערט איהר יודישען נאמען אויף אסתר (א פערסישער נאמען). דער נאמען מרדכי איז אויך נישט קיין יודישער — און דאס אלעס האבען זיי געטהון, כדי צו ווערען חשובים ביי דער מלוכה. נאר בשעת המן האט געוואלט אומברענגען אלע יודען, האט זיך אין מרדכי און אסתר'ס הארץ אויפגעוועקט דער יודישער פונק, און זיי זענען געוועזען גרייט מקריב צו זיין פאר זייער פאלק נישט נאר זייער אייגען גליק — מרדכי אלס גרויסער בעאמטער — יושב בשער המלך — און אסתר אלס קעניגין — נאר אויך זייער לעבען. די רעדע דובנאוו'ס האט געמאכט א שטארקען איינדרוק אויף אלע פערזאמעלטע. נאכהער האט דער אלטער אבראמאוויץ, וועלכער איז א קונסטפאלער דעקלאמאטאר, פארגעלייענט איניגע שטיקער פון זיינע ווערק. ה' גינצבערג האט געהאלטען איין אינהאלטסרייכע רעדע וועגען דער נאציאנאלער בעדייטונג פון יודישע ימים־טובים און בעוויעזען, אז אלע יודישע ימים־טובים זענען געשטעלט אויף א נאציאנאלען און נישט רעליגיעזען יסוד. ה' גליקמאן האט פארגעלייענט זיין שיר „דער נייער אהאסוועד“, און איניגע שירים פון פרוג.

נאכהער זענען פארגעשטעלט געווארען מיט הילף פון דער מאגישער לאנטערנע לעבענדיגע בילדער אין 3 סעריעס. די ערשטע סעריע איז בעשטאנען פון בילדער אויס ארץ ישראל פון אמאליגער צייט. די 2-טע סעריע האט פארגעשטעלט: דר. פינסקער, די קאטאוויצער אספה פון חובבי ציון, באראן עדמונד ראטהשילד און אלע יודישען קאלאניעס אין ארץ ישראל. די דריטע סעריע איז בעשטאנען פון דר. הערצל'ס בילד. ביי דעם פארקומען פון יעדען בילד, און בעזונדערס פון דר. פינסקער'ס און דר. הערצל'ס בילדער, האט דער עולם אפלאדירט און געשריען „בראווא!“ בכלל האט דער דאזיגער אווענד געמאכט זעהר א גוטען איינדרוק אויף דאס אדעסער פובליקום און געוואונען פיעל הערצער פאר די ציוניסטישע אידעע.

— דעם „דזשאיש קראניקל“ שרייבט מען, אז דער פערקויף פון ארץ-ישראל וויין אויס די יודישע קאלאניעס האט זיך פיעל פערגרעסערט און הייגטיגס יאהר איז צום ערשטען מאל פערקויפט געווארען אין גאנצען דער אויסגעארבעטער וויין. דער פערקויף בעטרעפט 35,000 העקטאליטער, מיט 3,000 העקטאליטער מעהר ווי אין פאריגען יאהר. די פרייזען זענען נאך זעהר געפאלען, און אונזערע קאלאניסטען ליידען פון וויין-קריזיס, וועלכע הערשט אין אלע לענדער וואס פראדוצירען וויין. פון גאנצען וויין ווערט ארויסגעפיהרט 1/3 קיין דייטשלאנד, עטוואס ווייניגער ווי איין דריטעל קיין ענגלאנד, און פון דעם לעצטען דריטעל געהט א העלפט אין די מזרח-לענדער (אויך אין מצרים) און די אנדערע העלפט קיין רוסלאנד, אמעריקא, עסטרייך, שווייץ א. ז. וו. דער גרעסטער טהייל וויין בערך 25,000 העקטאליטער ווערט פערקויפט דורך די עליארא געזעלשאפט אין האמבורג. דער רעשט ווערט פערקויפט אביסיל דורך די קאלאניסטען אליין און אביסיל דורך די כרמל-געזעלשאפטען אין פערשיעדענע לענדער, ווי אויך דורך סוחרים אין מצרים און קאנסטאנטינאפעל.

עס איז צו האפען, אז ווייטער וועט זיך נאך מעהר פערגרעסערן דער פערקויף פון וויין, און דאן וועלען די קאלאניסטען קענען בעקומען די ערלויבניש צו פלאנצען נאך ווייגבוימליך. עס איז נאך ווערט צו דערמאהנען, אז עס עקזיסטירען בעזונדערע געשעפטען צום פערקויף פון ארץ-ישראל וויין אין די דאזיגע שטעדט: פאריז, האמבורג, בעדלין, לאנדאן, קאפענהאגען, וויען, האאג, ווארשא, אדעסא, יפו, ירושלים, אלעקסאנדריען, ביירוט, קאנסטאנטינאפעל, סמירנא, סאלאניקי און ניו-יארק.

— דער „דזשאויש קראניקל“, וועלכער האט געדרוקט פאלשע ידיעות וועגען דער יודישער קאלאניאל-באנק פון זיין בערלינער קארעספאנדעט, איז איצט מודיע אויף פאדערונג פון אדוואקאט פון דער באנק, אז ער בערויערט זעהר וואס ער איז געבראכט געווארען צו א טעות און בעט ענטשולדיגונג פאר זיין פעהלער.

— אין די פראטאקאלען פון דער „חברה צו שטיצען יודען בעלי מלאכות און ערדארבייטער אין ארץ-ישראל“ (פון כ"ד אדר א') געפינען מיר, אז נאכדעם ווי מען האט מודיע געווען די מורשים, אז עס ווערען באלד געשלאסען די ביכער פאר די לעצטע 3 יאהר, איז איינגעפלאסען בערך פיעל געלד אין דער קאסע: אין מאנאט יאנואר איבער 9000 רובעל און פון דעם 1-טען ביז דעם 20-סטען פעברואר 6650 ר'. מען קאן זיך משער זיין, אז די הכנסה פאר דאס יאהר 1901 וועט נישט זיין ווייניגער ווי פאר דאס יאהר 1900 היינו בערך 55,000 רובעל. נאר דאס אליין איז נישט גוט, וואס די הכנסה איז שוין א לאנגע צייט ווי פערגליווערט אויף איין פונקט און פערגרעסערט זיך נישט. די צאהל פון די מיטגליעדער אין די גרויסע שטעדט ווערט ווייניגער, נאר דאגעגען קומען צו נייע שטעדט און צופעליגע נדבות. די נדבות לטובת הפועלים האבען זיך פערמעהרט וועגען דעם שלעכטען שטאנד פון די פועלים. נאר ווייטער דארף מען רעכנען וועלען א טהייל נדבות אריינפאלען אין נאציאנאל-פאנד, און אויב מען וועט נישט זארגען צו פערגרעסערן די ש ט ע נ ד י ג ע הכנסות פון מיטגליעדער, וועט זיך די הכנסה בכלל פערקלענערן.

•

## פערשידענעס.

— צווישען די בורען, וועלכע זענען אריינגעפאלען צו די ענגלענדער אין געפאנגענשאפט, געפינען זיך נישט ווייניג יודען. איינער פון זיי האט געשריבען צו זיינע עלטערן קיין שאראוו (לאמזער גוב'), אז די ענגלענדער בעהאנדלען זעהר גוט די געפאנגענע. מען ערלויבט זיי שפאציערען, מאכען פערוויילונגען און לייענען צייטונגען. איינער פון זיי, וועלכער געפינט זיך אויף דער אינזעל ציילאן, איז איין אבאנענט פון „יוד“.

*

## ליטערארישע נייעס.

— וועגען דעם פערשטארבענעם ד"ר שלמה מ א נ ד ע ל ק ע ר ן שרייבט מען, אז ער איז געבוירען אין 1846-סטען יאהר אין מלינאוו (וואהלין). נאך דער חתונה האט ער זיך גענומען צום לערנען און איינגעטרעטען אין די ווילנער ראבינער-שולע, וועלכע ער האט געענדיגט. נאכהער האט ער געענדיגט די פעטערבורגער אוניווערזיטעט מיט א גאלדענעם מעדאיל פאר זיין ארבייט „א פירוש צו דער תורה נאך דער גריעכישער, רעמישער און אראבישער איבערזעצונגען“.

ווערענדיג א געהילפע פון ראבינער אין אדעס, האט ער גלייכצייטיג געהערט די לעקציעס אין אדעסער אוניווערזיטעט און בעקומען דעם טיטעל „קאנדידאט דער רעכטע“, אין א צייט ארום האט ער זיך בעזעצט אין לייפציג, וואו ער האט 30 יאהר געארבעט אויף זיין קאנקארדאנץ „היכל הקדש“, אין וועלכער ער האט בעוויזען זיינע געוואלדיגע קענטניסע און פלייסיגקייט.

מאנדעלקערן האט אויפגעשריבען אין העברעאיש די „געשיכטע פון רוסלאנד“ („דברי ימי רוסיא“) און נאך אייניגע ספרים. ער איז אויך בעקאנט מיט זיינע שירים אריגינעלע און איבערזעצטע, „שירי שפת עבר“, „בת שבע“ און אנדערע.

— אין לאנדאן ווערט געגרינדעט א שטענדיג יודיש טהעאטער, אין וועלכען מען וועט שפיעלען נור אין זשארגאן.

---

## נ ד ב ו ת.

### פיר דעם יודישען נאציאנאל-פאנד:

— (דורך דער אדמיניסטראציאן „יוד“ אין קראקוי) —

ע"י חברי האגודה „נס ציון“ בברדיטשוב נאסף על חתנת בארוסקי וליטווין:

(ה"ה ש' בארוסקי 1 ר'; מ' בארוסקי, ב' ליטווין סאלאבדסקי, קארפ כ"א 50 ק'; רפאלאוויטש 35 ק', מאקעליער 30 ק'; העלמה קאפהעקער, כהוא, זשוראווסקי, אייזענבערג, וליטווין כ"א 25 ק'; נארוו'ץ, וויטענבערג, מוטשניק, ליעוקאוו. ראטין, ש. בוכמאן, א בוכמאן, יענטלים כ"א 20 ק'; גארבער, ראש, קצין, חמעלניצקי, ביליענקי, ליטווין, בריק כ"א 15 ק'; פעקעלים, שיינבלאט, יאנאווסקי, קצין, גערצאוויץ כ"א 10 ק'; נדבות קטנות אנ"כ פארטא, 66 ק'). 8, 71 ר'

ה' פ. קארמאן במקום טלגרמה לחתונת ה' נעליבטער: 40 — ר'

על משתת האירושין של בארי וסטורט ואף ע"י ה"ה פרעסמאן ומאדעל:

(ח"ה פ. סטורט, ב' בער, כ"א 1 ר'; בער ומאדעל כ"א 50 ק'. סטורט ונינצבורג כ"א 40 ק', פרעסמאן 30 ק' בער, מאדעל, סטורט, ואזשערסקאיא כ"א 25 ק'. נדבות שונות, א"נ פארטא, 45 ק'). 5, 55 ר'

ע"י ה' יעקב ווימאן בבאלגראד נאסף על סעודת-פורים אצל ה' ג' סאלאמאוויטש:

(ה"ה סאלאמאוויטש 1,50 ר', מאזוס וחיימאוויטש כ"א 1 ר', ויימאן, קארנשטיין, וואלאוויטש, המטיף העלמאן, מאסקאוויץ, ראבינאוויץ, גאלובאוו, פינטיל, קראסילאווסקי, צ' סאלטאוואוויץ, ש. סאלטאוואוויץ, קראטער ושאפפער כ"א 50 ק'; קראסנאווסקי, גאלדענבערג, סאלאמוויטש, גאלדענבערג, גאלדמאן, צבי ומשה טארטאקאווסקי, פרייספעלד, וארעלמאן, יענקעלעוויטש, אברהמאוויץ, ונעלבערג כ"א 25 ק', חאסקעלעוויטש, וגרשוביץ כ"א 20 ק'). 13, 40 ר'

ע"י מ"נ שפעקטאר מגרי כפר פאקראוו 2, — ר'

על סעודת פורים בסעוואסטאפאל אספו האנשי-חיל הציונים 2, 05

ע"י ה"ה מ. צינאמען נאסף על חתונת אחותו 2, 20

ע"י ה' מעלניק נאסף מהעובדים בבית-החרושת של ה' אראנאוויטש 1, —

י' ראכמאן, קייעו — 25

לאות ברכה ל"ה לעווינזאן על דרכו נאסף בין מכיריו בריגא 2, —

על חתונת ווילבערמאן וואלצמאן בסעדליעץ נאסף 1, 25

ע"י אנשי הקאנטאר של ה' ראווקאוויטץ בוואסיל נאסף 3, —

41, 81 רו"כ.

קראקויער ציוניסטען 78 העלער.

בס"ה 118,33 ר'; 18,45 קראנען.

### פיר די ארבייטער אין א״י.

ע״י ה׳ ב. כהן מסטאראבעלסק 2, 42 ר׳

לאות ברכת מז״ט להעלמה דווינאצקי לחתונתה, ה׳ ש״ שמואלאוויטש — 60

ה׳ אהרן צימקין בגראמאווקא 5, —

7, 42 ר׳

### לטובת ביה״ס ביפו:

ה׳ אברהם ראדינסקי בנראמאווקא —,5 רו״כ.

## בריעפקאסטען דער אדמיניסטראציאן

ה׳ פ. פ. די „חשמונאים״ האָבען מיר ניכט צו פערקויפען.

ה׳ נ. פ. קייאו: [1] פיר פאַמיליע ביטע נעלד צושיקען [2] דער צווייטע באַנד וועט וואהרשיינליך ארויסגעהן אין קינפטינען זומער; דער פרייז איז נאָך אונבעשטימט.

נו׳ 4709 חאדארקאוו: די אַלע איינצעלנע נומערן וועלען אייך קאָסטען 1,20 ר׳.—

אונזער „אַלטען אבאָנענט״ — חארקאוו: מיר דאַנקען פיר בעמערקען. פורים איז געווען זונטאג אין די נומר איז ארויס פון היע פרייטאג.

אבאָנענט נו׳ 3435: אונז איז דאס אויך „זעהר ניעפרייאַטנע״ און מיר וויסען אויך ניכט״ וועמען צו אבוויניאַייען״: מיר שיקען אייך רעגולער וואכ־ווענטליך. דעם דריטען באַנד "וועלטגעשיכטע״ וועט איהר בעקומען אין מאי.

נו׳ 5666: שוין געשיקט.

נו׳ 5600: א ו י ך דאס זעלבע.

נו׳ 2059 קראסניסטאוו: די "חשמונאים״ האָבען בעקומען די נייע אבאָנענטען אַלם ביילאַג און נישט פאַר נעלד.

ה׳ ב. ק. ביאלעסטאק: די נומערן זענען צו בעקומען.

ה׳ ש. פ. יעדינצי,: די „קליינע מענשעליך״ זענען שוין פערגריפען. וואס זוכט איהר אזוי דעם „אמת״?

ה׳ י. ליט׳ — טאטארבונאר: איהר וועט בעקומען.

ה׳ ע. י. סעבעז: מיר וויסען און מיר וועלען שיקען.

Verlag „Achiasaf". Verantwortlicher Redacteur M. Berkowicz. Herausgeber, u. Buchdrucker Josef Fischer, Krakau.